# פון פאַרלאַג.

מיט דעמדאָזיקן בוך הייבט אָן דער פאַרלאַג אַרויסצוגעבן עטלעכע נייע בענדער פון פּרצס שאַפונגען, וועלכע זיינען ניט אַריין אין אונזער 12־בענדיקער פּרץ־אויסגאַבע.

ביז ס'וועט קומען די צייט און ס'וועט זיך שאַפן די מעגלעכ־קייט אַרויסצוגעבן אַ נייע פולשטענדיק־איבערגעבויטע אַקאַדעמישע אויסגאַבע פון אַלץ, וואָס י. ל. פּרץ האָט געשריבן, זאָלן די נייע בענדער דערגאַנצן די ביזאיצט פאַרשפּרייטע פּרץ־אויסגאַבע.

אין דעמדאָזיקן בוך קומען אַריין לידער און באַלאַדן, צונויפ־געקליבן פון פאַרשיידענע ערטער. די לידער פון די אָפּטיילונגען „ראָמאַנצעראָ", „הומאָר", „ביטערקייט", „צייט־געדיכטן", „פון דער אַרבעט", „געמישט", די באַלאַדן „מאָניש", „ר' יאָסל", די איבער־זעצונגען פון ביאַליקס „זיי מיר גוט" און „משא נמירוב" זיינען גענומען פון דער אַמעריקאַנער אויסגאַבע פון אַלע פּרצס ווערק (1920). זיי זיינען געגעבן אין דעם סדר און אין דער צעטיילונג, ווי זיי קומען דאָרט, אין יענער אויסגאַבע. דער פראַגמענט „איוב" ווערט פאַרעפנטלעכט פון פּרצס אייגנהאַנטיקן כתב־יד, וואָס איז מיט בליישטיפט געשריבן אויף די מאַרגינעסן פון יהואשעס גע־דרוקטער יידישער איבערזעצונג פון „איוב, שיר־השירים, רות, קוהלת." די איבערזעצונג איז וואַרשיינלעך געמאַכט דורך פּרצן אין די יאָרן 1910—1911. זי איז, לײדער, איבערגעריסן אין מיטן פון דריטן קאַפּיטל. די אַלע „קינדער לידער", וואָס קומען צום סוף פון בוך, האָט פּרץ געשריבן די לעצטע פאָר חדשים פון זיין לעבן. פון זיי זיינען נאָר אַ 10 — 12 ביזהער געדרוקט געוואָרן. אַלע איבעריקע זיינען לעצטנס אַרויס אין אונזער פאַרלאַג אין אַ באַזונדער ביכל „פאַר קליינע קינדער".

מיר וועלן זייער דאַנקבאַר זיין פאַר אָנווייזונגען און באַמער־קונגען, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער פּרץ־אויסגאַבע. די אומפּינקט־לעכקייטן און פעלערן, אויף וועלכע מ'וועט מאַכן אויפמערקזאַם, וועלן אין די ווייטערדיקע אויפלאַגעס גענומען ווערן אין אַכט.

# אינהאַלט פון 14־טן באַנד

## לידער

### ראָמאַנצעראָ

זייט



### הומאָר



### ביטערקייט



### צייט־געדיכטן



### פון דער אַרבעט

# קינדער־לידער

## שלאָף־און וויגן־לידער



## צאָלן, אַלף־בית, רעטעניש



## שפּילן

זייט



## אַרבעט



## לידער און לידלעך

## לאַך־און שפּאַס־לידער



## פיר צייטן אין יאָר



## פאַרשיידנס

# ראָמאַנצעראָ

I

טרויער דריקט אויף מיין נשמה,
אונ דאָס האַרץ טוט קלעמען,
כאָטש ער האָט מיר צוגעשוואוירן,
אַז ער וועט מיך נעמען!

טויזנט מאָל מיר צוגעשוואוירן,
אַז ער וועט זיין מיין;
נאָר ס׳קלעמט און וויינט דאָס האַרץ אין מיר;
ניין, דאָס וועט נישט זיין!

II

אוי, מיין לעבן הענגט
ביי דיר, ווי אויף אַ האָר;
שווערסט. צי ווייס איך דען,
אַז דו שווערסט מיר וואָר?

נאָר זיי נישט בייז אויף מיר,
די מאַמע מאַכט מיך באַנג;
אַז יעדער מאַנספּערזאָן, –
זאָגט זי, – איז אַ שלאַנג!

III

צי כ׳האָב דיך ליב ? אַך , דו מעגסט מיר גלויבן ,
כ׳קאָן נישט לעבן אָן דיר איין מינוט !
צי דו ביסט מיר טייער ? טייערער ווי׳ס לעבן —
נאָר נעמען – ווייס איך – וועסטו מיך דאָך נישט !

עס דאַכט זיך מיר , איך שטיי אינמיטן ים ,
און וועל נישט קומען קיינמאָל צו קיין ברעג !
די ליבע דיינע איז געווען מיט סם ,
עס איז מיין רו אויף אייביק שוין אַוועק !

---

IV

געליבטער , טייערער חתן ,
מיין רייכטום ווילסטו וויסן ?
כ׳האָב געהאַט אַ גאָרטן ,
פלעג אים פעסט פאַרשליסן

נאָר דו ביסט אַ גנב ,
ביסט אַריינגעקומען ,
און דאָס שענסטע פרילע
פונם בעסטן צווייגעלע
האָסטו צוגענומען !

---

## V

די אויגן זענען טרוקן,
עס וויינט דאָס האַרץ אין מיר!
אַז איך דאַרף מיך שיידן,
לעבן מיינס, מיט דיר!

דו וועסט מיך פאַרגעסן —
הער-זשע, וואָס איך רעד:
איך וועל אָן דיר הענגען
לייטן צו געשפּעט!
איך וועל דיך געדענקען
אויפן טויט-בעט!

און מיין לעצטער אָטעם
וועט דיין נאָמען זיין — —
צינדערט פאָר, מיין לעבן,
לאָז מיך דאָ אַליין!

---

## VI

— „אוי, טאָכטערשי, אוי, טאָכטער-קרוין,
וואָס וויינסט דו אַזוי לאַנג?
פעלט דיר עסן, טרינקען דען,
צי אַ שיינער גאַנג?“

„אוי, טאָכטערשי, אוי, טאָכטער-קרוין,
מאַך דאָס האַרץ דיר גרינג!
עס פעלן קיין חתנים נישט
אַז מ׳איז שיין און יונג.

אוי, מאַמעשי, אוי, מאַמע־קרוין,
וואָס העלפן דיינע רייד?
עס וואַקסט פאַר מיר שוין אויף דער וועלט
קיין נחת און קיין פרייד!

טרייסט מיך נישט, עס העלפט שוין מיר
קיין מיטל אין דער נויט —
ווײמוט איז דאָס לעבן מיר,
זיס וועט זיין דער טויט!

VII

— „מאַמעניו, ליובעניו, הארצעניו־קרוין!
(די כלה טוט ווײנען און זאָגן:)
גיב מיר זי' התונה־קליידער אַרויס,
איך וויל זיי באַווײנען, באַקלאָגן!"

זי האָט די מלבושים מיט טרערן באַגאָסן,
איינס נאָכן צווייטן כסדר.
— „מאַמעניו, — זאָגט זי, — צינד נעם און צעטייל
פאַר אָרעמע כלות די קליידער!

„גיב אָרעמע כלות די קליידער אַוועק
זאָל זײ זיין צו מזל, צו גליק,
איין־איינציק חופה־קלייד נעם און צערייס,
און מאַך מיר צום הענגען אַ שטריק!

VIII

געבליט האָב׳מירביידע אַמאָל —
טאַקע ווי רויזן אַ פּאָר,
און יעדן אָוונט געגלעט
האָב איך די זיידענע האָר.

די אויגלעך די זיסע געקושט
די ליפּעלעך – קרעלן פול חן,
און יעדן אָוונט געהאַלזט
דעם האַלז פון עלפאַנט-ביין!

היינט האָט זי אַן אַנדער מאַן,
גייט מיט׳ן שפּאַצירן און לאַכט,
און איך בין אומגליקלעך בייטאָג,
און ווער שיר משוגע ביינאַכט!

---

IX

„כ׳האָב אויסגערייזט אַ האַלבע וועלט
און געזוכט אַלץ גליק;
כ׳האָב אַלע גליקן אָפּגעלאָזט
און קום צו דיר צוריק!״

„אוי, מיר העלפן דיינע רייד –
אַ טויטן — מעדעצין!
טויזנט זעלנער קאָנען נישט,
וואָס אַ מאַמע טון!״

זי האָט געצירנט און געלאַכט,
וואָס איך זיץ און וואַרט;
און געשוואוירן האָט זי מיר,
אַז דו האָסט געגאַרט!

און געבעטן האָט זי מיך,
געחלשט און געוויינט!
און געשוואוירן, אַז דו האָסט
ערנסט נישט געמיינט!

און מען האָט מיר צוגעזאָגט
סאַמע גליק און פרייד;
און באַגראָבן האָט מען מיך
לעבעדיקערהייט!

---

X

עלנט איז ער דאָ געוועזן,
עלנט, ווי אַ שטיין;
איינע האָט ער דאָ געהאַט
איינע מיך אליין!

צינדערט, אַז ער איז געשטאָרבן,
און איך רעד און לאַך;
איז ער, נעבעך, אָפּגעשטאָרבן
טאקע טויזנט-פאַך!

---

# הומאָר

## דער געטער=געשמאַק

דער געשמאַק איז, ווי ביי מענטשן,
ביי די געטער אויך פאַרשידן —
קלינגען גלאָקן אין די קלויסטערס,
איז דער קריסטן-גאָט צופרידן.

„דין-דין-דין" — וויל דער קאַטוילע —
מוזיקאַליש און זאַבאַוונע.
„בים-באַם-באָם! בים-באַם-באָם!"
שטאַרק און גראָב — דער פראַוואָסלאַוונע.

גאָר אַ זעלטענעם געשמאַק
האָט אַללאַ — דער מאַכאַמעד,
אַז מען רופט אין שול אַריין
אופן גאַניק פון מעטשעט...

אָריגינעל איז דאָך נאָר איינער, —
דער פון קוגל און חרוסת:
ער האָט ליב אַ „שמע ישראל",
וואָס עס כראָפּעט אים אַ גוסס!

# אַ תפילה

גאָט, גיב אונז שוין אונזער לאַנד,
גרויס כאָטש ווי אַ גענעץ,
נאָר אונזערע אָביעזדטשיקעס,
יעגער ביי דער גרענעץ.

גאט, גיב אונז שוין אונזער לאַנד,
וויש אָפּ אונזער טרער!
גיב אונז אונזער פּאָליציי,
אונזער מיליטער!

גאָט, גיב אונז שוין אונזער לאַנד,
ווי לאַנג איז דען דער שיר?
גיב קייזער אונז אליין,
אַן אייגענעם סיביר!

גאָט, גיב אונז שוין אונזער לאַנד,
גוים צו להכעיס!
לאָמיר אויך שוין זוכה זיין
צו אַן עיר נדחת.

לאָז אַ זקן ממרא זיין
און אַ פּרה-אַדומה...
זאָג אַליין, צי בענקסט דו נישט
נאָך אַן עולה תמימה?

פּאַשן וועל'ן מיר דיך מיט רויך,
מיט עולות און מיט זבחים —
פֿאַרלעגן נאָך אויף אַקציעס
אַ פֿאַבריק מיט שבחים.

---

# ביטערקייט

*   *
*

כ׳בין אַ רעגן-וואָרם, דו זעסט,
ווי טיף אין בלאָטע כ׳בין באַגראָבן;
דאָך חלומט מיר אַן אָדלער-נעסט,
אָדלער-פליגל וויל איך האָבן!

שווימען וויל איך אין דעם העלן,
הויכן זעפיר אומגעשטערט;
זאָל דער וואָלקן מיר פאַרשטעלן
נישט דעם הימל, נאָר די ערד!

# צייט-געדיכטן

## גאטם חסד

דו ביסט דאָס רחמנות, דער חסד אַליין! –
מען וואָלט אונז אויף קאַשע צעריבן!
עס וואָלט פונם שעפעלע צווישן די וועלף
קיין שריד ופליט געבליבן!

הונגעריקע זענען און דורשטיק די וועלף –
עס וואָלטן שוין ביינער געלייכט!
ווען נישט דיין נאָמען, דיין הייליקער נאָמען,
געלויבט זאָל ער זיין און געהויכט!

דיין אייגן שעפעלע האָסטו געוואָרפן
צווישן די וועלף מיט אַ תנאי: –
„אָט האָט איר דאָס שעפעלע, רבותים, און פרעסט
אברים — נאָר — מן ההי!

שאַרפט אייך די נעגל און רייסט פון אים פאַסן
מיט ציינער! און בלוט זאָלט איר כליפען!
נאָר נישט צו טויטן, וועלף, חס ושלום!
עס מוז אייביק זשיפען!"

אָ! פאַר דעם „אייביק", ווי דאַנקט דיר דאָס שעפעלע
שטענדיק – סיי ווינטער, סיי זומער!
וואָס מער מע ציפּט עס, וואָס מער מע רייסט עס,
ווערט עס אַלץ הייליקער, פרומער!

און העכער דערהויבט זיך זיין הייליקער „מע!"
ווי דאַנק איך דיר, גאָט, אין דער נויט!
רבונו של עולם, אַך! „מע-מע-מע!"
נאך נישט דערקוילעט אויף טויט!

---

# השגחה פּרטית

„אַ פויגל זאָל צום מיטאָג זיין!
עס מוז זיין!"
דער קוכער טראַכט,
שטעלט אַ פּאַל פון ציגל אויף
און שלאָפט דורך די נאַכט!

קוים דער מאָרגנשטערן שיינט,
„ציפּ-ציפּ-ציפּ!" שוין אויפן דאַך!
דערוואַכט דאָס פויגעלע און זינגט
גאָט אַ שירה, גאָט אַ שבח!

„ציפּ-ציפּ-ציפּ!" עס האָט דערזען!
צווישן ציגל דאָרט אויף דער ערד —
„ציפּ-ציפּ-ציפּ!" גאָט דער גוטער
האָט אַ פרישטיק אים באַשערט!

און ווי קלוג געלעגט די ציגל
דען דער ווינט וואָלט אַלץ צעיאָגט.
„ציפּ-ציפּ-ציפּ!" גאָט דער גוטער,
ווי זיין חכמה שיינט און טאָגט!

„ציפּ-ציפּ-ציפּ!" און פליט אַרונטער
גלייך צום אָנגעגרייטן גליק...
דער קוכער שטייט ביים פענסטער גרייט,
שאַרפט דאָס מעסער שוין צום „כיק".

---

# מלכותא דארעא כמלכותא דרקיע

1

מלכותא דארעא, כמלכותא דרקיע –
אויבן און אונטן איז גלייך.
ס'גייען די „דיעלעס" אין בית-דין של מעלה
גאַנץ זיכער אויף רוסישער שפּראַך.
אַ סודיאַ איז איינגעשלאָפן,
שכּור מן־הסתם.
ווייזט זיך באַלד דער פּרעדסיעדאַטעל:
יאַ טיע וו'זובי דאַם.

2

קאַטקאָוו האָט די גרעסטע דעה,
גבאי אין גן-עדן:
נישטאָ קיין קלעק פון כּרתי פּלתי
אַ לעק פון שפּאָלער זיידן.
ס'קומט אַריין דער סכיזשער מגיד
צי גאָר דער מהר"ל,
באַווייזט זיך באַלד דער שר של יון:
טי קודאַ נאַכאַל.

3

סאַמע מאָסקוויטער „סלאַוויאַ״
און מען שפרינגט נאָך „סוויאַט״.
אַלץ פאַשאָל, נאָר לוט זאָל בלייבן,
מיט אים לעבט מען בלאַט.
פאַר נחן האָט געבעטן לוט,
מען לאָזט אַריין דעם שפּאַק,
און אין דרייען טרינקט מען יין:
פּאָנקאַ ניע דוראַק.

---

4

האַלילויא און קאָל סלאָווען
און באָזשע צאַריאַ.
גאָט אַליין, ער הייבט זיך אונטער
און שרייט-מיט – אורא!
אין סאַראַפאַן שיינט גאָר די שכינה,
רוקט ער זיך צו איר צו!
זאָגט זי אים: וואַניאַ, וואַניאַ,
וואַניאַ, ניע שאַלי.

## ער און איך

זאָגסט : „לי הכּסף !" שרייבּסט : „לי הזהב !"
דיין איז וואָס ס׳איז נאָר פאַראַן !
דו , גאָט , בּיסט רייך ! לײדער בּין איך
אַ קבּצן , אַן אָרעמער מאַן .

---

# פון דער ארבעט

## דער נביא

איך בין פראָפעט: איך קוק און זע
דעם מאָרגן ליכטיקער, ווי היינט;
איך טראָג די פאָן פון גאָטס אַרמיי —
עס ציטערט אשמדאי דער פיינט.

און גאָטס אַרמיי איז איבעראַל,
די פאָן איז רויט, ס׳געווער איז ניי —
איך בין דער פעלדמאַרשאַל
און פיר קריג מיט אשמדאי.

## מיין נישט

מיין נישט, די וועלט איז אַ קרעטשמע – באַשאַפן
מאַכן אַ וועג מיט פויסטן און נעגל
צום שענק-פּאַס, און פרעסן און זויפן, וועמן אַנדערע
קוקן פון ווייטן מיט גלעזערנע איגגן
פאַרחלשט, און שלינגען דאָס שפּייעכץ און ציען
צוזאַמען דעם מאָגן, וואָס וואַרפט זיך אין קרעמפּן! –
אָ, מיין נישט, די וועלט איז אַ קרעטשמע!

מיין נישט, די וועלט איז אַ בערזע – באַשאַפן,
דער שטאַרקער זאָל האַנדלען מיט מידע און שוואַכע,
זאָל קויפן ביי אָרעמע מיידלעך די בושה,
ביי פרויען די מילך פון די בריסטן, ביי מענער
דעם מאַרך פון די ביינער, ביי קינדער דעם שמייכל,
דעם זעלטענעם גאַסט אויפן וואַקסענעם פּנים – –
אָ, מיין נישט, די וועלט איז אַ בערזע!

מיין נישט, די וועלט איז אַ הפקר – באַשאַפן
פאַר וועלף און פאַר פוקסן, פאַר רויב און פאַר שווינדל;
דער הימל – אַ פאָרהאַנג, אַז גאָט זאָל נישט זעען!
דער נעבל – מען זאָל אויף די הענט דיר נישט קוקן;
דער ווינט – צו פאַרשטיקן די ווילדע געשרייען;
די ערד איז צו זאָפּן דאָס בלוט פון קרבנות –
אָ, מיין נישט, די וועלט איז אַ הפקר!

די וועלט איז קיין קרעטשמע, קיין בערזע, קיין הפקר!
געמאָסטן ווערט אַלעס, געוואויגן ווערט אַלעס!
קיין טרער און קיין בלוטיקער טראָפּן פאַרגייען,
אומזיסט ווערט קיין פונק און קיין אויג נישט פאַרלאָשן!
פון טרערן ווערן טייכן, פון טייכן ווערן ימים,
פון ימים – אַ מבול, פון פונקען – אַ דונער –
אָ, מיין נישט, לית דין ולית דיין!

# גערמישט

## טרייסט

טרייסט מײַן פֿאָלק, עס דאַרף די טרייסט,
שטאַרקט דאָס האַרץ, מאַכט פֿעסט דעם גייסט.
זייט נישט דער ווינט, וואָס לעשט די פֿלאַם,
נאָר בלאָזט זי אויף, ווייל נאַכט איז סם!
נאָר בוימאייל גיסט און פוצט די קנויט,
ווייל נאַכט איז גיפֿט און שלאָף איז טויט!
טרייסט מיין פֿאָלק, עס דאַרף די טרייסט!

מאַכט פֿעסט דאָס האַרץ און שטאַרקט דעם גייסט, —
עס האָט געלויכט, שוין נישט איין נאַכט,
עס האָט געזיגט שוין נישט איין שלאַכט.
און נישט געלאָזט די פֿאָן פֿון האַנט!
עס שטייט — אַן אייזן־פֿעסטע וואַנט!
אין וויסטן, ווילד־פֿאַרקאָכטן ים!
אָ, שטאַרקט דאָס פֿאָלק! בלאָזט אויף די פֿלאַם!

אָ, שטאַרקט דאָס פֿאָלק! נישט אָפּגעשלאַפֿט!
זאָל שפּריצן העל די לעבנס־קראַפֿט,
אַלס פֿייערדיקע זייל בײַנאַכט — — —
עס זינקט די נאַכט, דער טאָג דערוואַכט!
און שיקט די שטראַל — אַ גאָלדענע פֿייל —
אַלס גרוס דער פֿייערדיקער זייל! —
אָ, טרייסט מיין פֿאָלק, עס דאַרף די טרייסט,
מאַכט פֿעסט דאָס האַרץ און שטאַרקט דעם גייסט!

## פון אלע זייטן קרייזלט דער ווינט

פון אַלע זייטן קרייזלט דער ווינט,
בלאָזט ער וואַרעם, בלאָזט ער קיל...
דרייט די פליגל פון אַ מיל...
שליידערט בליק-געשווינד
פון דאַך צו דאַך די פלאַם...

צי ער פאַטשט דער ים —
וואַל מיט וואַל ווערט שנעל באַדעקט,
אויפגעשטעלט אַ וואַסער-וואַנט
און דער אָפגרונט ווערט אַנטפּלעקט.

צי זיין שטילער אָטעם שמעקט
און ער זשומט אַ פרילינגס-ליד,
און ער טראָגט פון שטראַנד צו שטראַנד
זאָמען-שטויב און זאָמען-בליט...

צי ערווירבלט אין ווייטן סטעפּ,
וואָלקן פון שטויב, זיילן פון זאַמד,
און די פעלזן, ווען ער שפּאַלט...

צי ער ראַנגלט מיטן וואַלד,
בויגט אים זיינע ריזן-קעפּ,
רייסט די טאַנען ביי די צעפּ...
אָדער טרייבט, ווי שאָף און רינד,
אין וואָלקן הויך, איןווילדן שפּיל...

עס קרייזלט דעם ווינט
דער זעלבער ווינט.
ימים פיל, טייכן פיל,
און דאָס זעלבע וואַסער רינט...
ווערט געענדערט אָרט און גאַנג.

ווערט געענדערט אָרט און גאַנג
ווערט געטוישט פאָרם און קלאַנג, —
מורמלט זילבערן דער קוואַל
און ס׳באַטויבט דער וואַסער-פאַל,
גלאַנצט און בלענדט דער טירקוס-זעע
טאַנצט דער וואַלד-שטראָם, ווי די פעע
שפריצט די ערד, דער הימל גיסט...
אַלץ דאָס זעלבע וואַסער פליסט...

צי פון מוטער-לייב געקראָכן
פון אַן איי זיך אויסגעשטאָכן,
צי אַנטוויקלט פון אַ רויג, —
קוקסט דיך צו, אין יעדן אויג
פינקלט, שימערירט און בליצט,
פון עמיצנס האַמער צעשלאָגן,
אויף מיראַדן פונקען צעשפריצט...
דאָס זעלבע לעבן...
און געשטאַלטן שוועבן,
און מיראַזשן-בילדער יאָגן,
טויזנט-פאַרביק צויבערט די וועלט,
טיר און מענטש, פעלקער, ראַסן,
קלאַסן
און געשלעכט...

און זעט מען זיך נישט ר ע כ ט,
ווערט לעבן פון לעבן נישט דערקענט, —

קאָן ווערן לעבן דעם לעבן צולאַסט!
ווערט לעבן פון לעבן געליבט און געהאַסט,
פאַרהייליקט, פאַרשוועכט, פאַרגעטערט, געשענדט!
שטרייט מען און בענקט, האָפט מען און ראַנגלט, —
ווערט געלאָקערט, געיאָגט און געאַנגלט,
און יענעמס שאָטן געקושט, דער שטויב געלעקט!

אַ ווירוואַר פון געפילן געוועקט...
און דאָס ציט און דאָס שרעקט!
איז אייביק נע ונד די וועלט!
פעלז און באַרג, וואַלד און פעלד,
און איבעראַל די זעלבע ערד,
ווי דער הימל, ווי די שטערן...

און אָפן איז דאָס אויער און הערט
און ווערט נישט קיינמאָל פול פון הערן...
ס'אויג נישט שטראַל-און פאַרבן-מיד...
פאַר יעדן טאָג אַ בענקשאַפט בליט,
גליסט דאָס האַרץ און ווערט נישט זאַט...
און הערט נישט אויפסניי צו פרעגן...

פיס ווערן מאַט...
און מיט שטויב פון טויזנט וועגן
פון טויזנט לענדער
אין די פאַלדן, אין געוועב
דריקן די געווענדער...

שוועב צו, באכט, שוועב...
דיין שאָטן איז ווייך, דיין אָטעם לינד,
איך קום פון ווייט, פרעג נישט פון וואַנען,
און איידער דיין שלייער צערינט,
גיי איך פון דאַנען —

און נישט פרעג,
וואו אהין עס פירט דער וועג...
אפשר ווייסט ווער אין דער הויך...

לאָמיך רוען אין דיין שויס...
דו ביסט נעבל־שאָטן רייך,
שפין אַ טרוים מיר אויס,
וויג מיר איין דאָס האַרץ,
שפין גרוי, שפין שוואַרץ,
שפין רויט,
שפין פון לעבן... שפין פון טויט..

---

## בענקשאַפט און טרויער

איך בענק צו דיר! —
ווי די דורכגעברענטע ערד
צום ערשטן טראָפּן טוי;
ווי דער גרויער אָוונט
צום ערשטן פינקל-שטערן —
בענק איך צו דיר!

עס ציטערט מיין אָרעם האַרץ
און צאַפּלט צו דיר!
ווי דער פריש-געפאַנגענער' פויגל אין שטייג
צום פרישן וואַלד,
צום פרישן, גרינעם, פרייען וואַלד,
בענקט עס צו דיר!

מיין נשמה לעכצט נאָך דיר!
ווי דער אַרויסגעוואָרפענער פיש פון ים
אויפן הייסן זאַמד
צו דער ערשטער גרינער פאַליע,
וואָס וועט'ן באַפרייען פון טויט,
לעכצט זי צו דיר!

---

אָ, שטערן מיינער, אָ, מזל מיינס,
וואו פירסטו מיך?
וואו גייט מיין וועג?
מיט וואָס האָסט אויפגעפלאַמט?
צי מיט פליסיק גאָלדן-גליק,
צי מיט בלוט?
און ווער איז דאָס ווייסע געשטאַלט,
וואָס שטראַלט אַקעגן מיר?
האָפנונג אָדער טויט?

אַ ווייסע, אַן אויסטערלישע ווייסע,
אַן אומגעהויער ווייסע, ריינע בלום
האָט אויפגעשפּראָצט, האָט אויפגעבליט
אַמאָל ביי מיר אין האַרץ.

גיי איך אַרום מיט אַן אָפן האַרץ,
גייט אַן אויג אַ שלעכטס פאַרביי
און שטעכט זי מיטן שאַרפן בליק,
און זי איז פאַרביי.

---

## מאָניש

(נײ באַארבעט)

צו וואָס איז אונזער לעבן גלײך ?
צו אַ טײַך !
און די מענטשן – צו די פיש !

ס׳וואַסער איז געזונט און פריש ,
וואָלט׳מיר שווימען אָן אַן עק ;
שטעלט דער שוואַרצער זיך אַוועק ,
ווי אַ פישער אויפן ברעג – –

שטײט דער שטן אויפן לאַנד
מיט דער ווענטקע אין דער האַנט —
כאַפּט די פיש .

אויף אַ ווערעמל נישט קײן רײנס –
אויף אַ תאוהלע אַ קלײנס ,
תענוג אויף אַן אויגנבליק . . . . .
אָנגעצויגן שוין דער שטריק ,

אין דער לופטן קוים אַ טרעסל ,
ס׳פליט דער העכט שוין צום קעסל
אויפן פײער פון גיהנום . . . . . .
און געפּרעגלט און געבראָטן . . .

און — ימח שמו — מעקען אים
און מעווייסט : ס׳איז מעשה־שטן
און ס׳גערָאָט׳ם,
ווייל דאָס ווערעמל ציט אוז ציט...

כ׳זינג דעריבער אויך אַ ליד!
לעגט די אויערן צו און הערט!

* *

ס׳איז געווען אַמאָל אַן עלוי —
כ׳ווייס נישט ווען און וואו אפילו.
נאָר אין פוילן, און, אַפּנים,
אין דער גוטער אַלטער צייט...
און ביי גוטע פרומע לייט:

פרום דער טאַטע,
פרום די מאַמע;
די משפחה —
לומדים סאַמע,
און זיי שמען
אויף דער וועלט,
און מבינים גרויסע זאָגן:
זיי וועט אַלע איבעריאָגן
מאַניש — אונזער העלד...

צינד אינגאַנצן
זיבן, אַכט!
און אַ מתמיד —
טאָג, ווי נאַכט!

תורה זאַפּט ער, ווי אַ שוואָם;
און אַ קעפּל – ווי אַ בליץ,
צי אַרויף – צום העכסטן שפּיץ,
צי אַראָפּ – אין טיפסטן תּהום!
ווי אַ וואַסער זופּט ער ט״ז;
מעג דער רמב״ם זיין, ווי האַרב,
טרעפט ער באַלד אַריין אין קאַרב,
און אַ בקי שוין אין ש״ס...

און אַ שיינער יונג, – אַ פּראַכט:
שוואַרצע לאָקן, ווי די נאַכט;
רויטע ליפּלעך – רויזן צוויי,
שוואַרצע ברעמען, ווי די בויגן,
ווי דער הימל בלויע אויגן, –
און דאָס פּייערל אין זיי!

אָנצוקוקן איז אַ פרייד
מיידלעך ווערן רויט און בלאַס,
אַז ער ווייזט זיך אויף דער גאַס, –
אַז דער שיינער מאָניש גייט...

די יונגע רביצין אין חדר,
זיצט אַ גאַנצן טאָג כּסדר,
קוקט אויף מאָנישן און קוועלט –
אויפן קוימען לויפט און ברענט,
און זי זיצט פאַרלעגט די הענט,
הערט, מכּלומרשט, ווי מען קנעלט...

און דער שכנה – שיינער אָדל
פאַלט פון האַנט אַרויס די נאָדל, –
לאָזט זיך אונזער מאָניש הערן!
פּרעסט דאָס הערצל מיטן הענטל,

דריקט דאָס אוי'רל צו צום ווענטל,
און עס קייקלען זיך די טרערן – – –

אָבער ריין, ווי גאָלד, איז מאָניש,
פון דעם אַלעם ווייס ער גאָר ניש'!
וואָס האָט אונזער מאָניש האָלד?
ער האָט ליב אַ בלאַט גמרא,
ער האָט חשק צו אַ סברא.....
„שור שנגח את הפרה"!
אַז מען שמועסט, אַ גאָלד...

*

און אין יענער צייט
האָט מאָניש אַלס עלוי געשמט!
קומען לומדים פון דער פרעמד
און רבנים פון נאָנט און ווייט
דעם עלוי פאַרהערן:
אַ נייער שטערן!
עס טאַנצן פאַר שמחה די זילבערנע בערד, –
וואויל דער מאַמען, וואָס האָט'ם געטראָגן,
וואויל דעם טאַטן, וואויל איז דעם אָרט!
כ'גיב עס איבער וואָרט אין וואָרט,
נאָר וואָס אַרט זאָגן?

*

געלעבט האָבן דאַמאָלט
די אַלטע בעלי-בתים, –
מעשענע ברילן,
זילבערנע בתים,
גאָלדענע עטרות,
אייזערנע מחות...
אַנדערע יאָרן,
אַנדערע כחות...

אין בית-המדרש —
קעפ אויף קעפ;
מ׳לערנט אין הייזל,
אויף די טרעפ,

ס׳ווערט פאַר חצות
קיין ליכט פאַרלאָשן --
אַ פּראָשבע — אַ רענדל,
זורה מ׳גראָשן!

*

הויכע בערג פאַראַן אַ סך,
נאָר אַררט פון תנ״ך
מיט די שנייען אויפן קאַרק
איז אַן אויסטערלישער באַרג;

אויף זיין רוקן, ווי באַשריבן,
איז די תיבה שטיין געבליבן
נאָכן מבול. און מע הערט,
ווי זיין ליבער נאָמען שווערט
אייביק לעבן פאַר דער ערד...

„רצחע, מענטשל, גנבע, מסר,
כ׳וועל נישט טאָפּיען דיך אין וואַסער:
איך פאַרשטעל מיר בעסער ד׳אויגן״...
נ׳הענגט אַרויס אַ פּיילנבויגן
אויפן הימל לזכרון...

אַמאָל איז געווען, אַ פּעקל מיט יאָרן, —
עס זיצט נאָך די תיבה טיף אין שנייען,
און עס לעבן דאָרט אין צווייען
ס״ם און לילית — מאַן און ווייב;
צוליב דער קעלט און צייט פאַרטרייב,

פון גיהנום גאַנץ פאַרבאָרגן,
נישט אַ ליבער טעט-אַ-טעט?

איינמאָל פרימאָרגן
סמאָל ליגט נאָך און רויכערט אין בעט,
לילית מאַכט טואלעט
קעגען דעם צוהר *), –
עס קלינגט אין טויער:
„הערייַן”!
באַווייזט זיך, דערשראָקן, אַ שד,
קלאַפּט מיט די ציין,
פאַלט אויפן פּנים און צאַפּלט אויף דר'ערד·

– „אָ, קעניג מיין,
האָסט פאַר דער וועלט
דיין פּנים פאַרשטעלט;
האָסט גאָרנישט געהערט,
גאָרנישט געזען...
און צינד איז שוין שפעט, עס ציטערט דיין טראָן”.

ז"ם שפּרינגט אויף: „הער באַראָן,
וואָס איז געשען?

אין קעניגרייך פּוילן
האַרט ביי דער גרענעץ,
שטייט זיך אַ שטעטל
גרויס, ווי אַ גענעץ.

*) אייגענטלעך, אַ פענסטער; לויט לעגענדע, אַ טייערער שטיין, וואָס
האָט באַלויכטן די תיבה!

(כ'רעד נישט פון מקום!)
הערט מען עס זעלטן, —
הייזלעך, ווי ניסלעך;
שמות – געצעלטן!

דרייען זיך יידלעך
אַרום, ווי די מתים;
מ'האָט קיין פרנסה,
מ'לעבט פון תעניתים.

אָן האַנדל, אָן וואַנדל
האָט תורה אַ קיום,
מ'פּאַשעט למדנים,
ס'וואַקסן עלוים...

וואַקסט צינד אַ פרי,
וועט עס פאַרשעמען
פוילן און ליטע,
פרייסן און בעהמען...

וועט ער אויסוואַקסן,
לאָזטו אים פריי,
זע'מיר פאַרפאַלן,
ביסטו פאַרביי!

מיט אייזערנע ריטער
וועט ער אונז דרעשן;
און וועט אין גיהנום
ס'פייער פאַרלעשן!

װעט ער אונז יאָגן
מיט שרעקלעכן האַס,
ברענגען משיחן.
חלילה וחס!"

---

װי ס'ם האָט די װערטער דערהערט,
איז אים די שמחה געװאָרן געשטערט,
פלאַמען אים אויף די אויגן רויט,
און ער שװיצט מיט טײַװעלס קויט,
װי אַ קעסל אויפגעבראָזט,
לויפט צו לילית מיט דער פויסט...

— "זי איז שולדיק, זי אַליין!

די נוס איז האַרט,
נאָר, מײַן מאַן, װאַרט
זי קנאַקט דאָך אונטער די ציין...
נצחון איז זיס;
גרייט אָן די שפּיז,
דער בראָטן װעט קומען אַליין!"

ענפערט לילית און פאַרשװינדט
אויף די פליגל פון אַ װינט. —

*

טראַ-ראַ-ראַ, טראַך!
װאָס איז געשען?
האָט נישט װער ערגעץ
משיחן געזען?

װען בלאָזט מען שופר?
אלול, נישט תמוז.
צי איז משוגע
געװאָרן דער שמש?

ס'בלאָזט טראָמפּייט ,
ס'קנאַלט און קנאַקט ,
אַן עקסטראַ פּאָסט
קומט אָן פון טראַקט !

בלאָזט די טראָמפּייט ,
קנאַקט צו די בייטש ,
שטייט מען מיט אָפענע
מיילער : וואָס טייטש ?

וואָס טייטש ?
געקומען פון דאַנציג אַ דייטש ;
האַנדלט מיט ווייצן , האַנדלט מיט קאָרן ,
ס'איז אינם שטעטל אַ מחיה געוואָרן ,
איינמאָל אַ קונה ! איינמאָל אַ צאָלער !
ס'בליצן די רענדלעך , ס'בלאַנקען די טאָלער !

פון פּאָרשוס אַ רעגן !
פאַרלעגן די פויערן מיט פורן די וועגן ,
האַנדלען בטלנים ,
שוחטים , דיינים ,
מען לויפט , מען קויפט און פאַרשיקט . . .
גאָט האָט דאָס שטעטל מיט איינמאָל באַגליקט

און ס'איז געקומען אַ גאָלדענע צייט ,
מ'טראָגט אין דער וואָכן אַטלעס און זייד —
חתונות מאַכט מען טאָג-טעגלעך כסדר ,
באַוואָרפן די שניידער מיט חתונה-קליידער !

עס זענען אָן העגט שוין די קלעזמער געבליבן,
די חופּה צעריסן, די שטאַנגען צעריבן.
מ'האָט שוין פון בדחן קיין כּח צו לאַכן,
מע קריגט שוין קיין וואַקס ניש', הבדלות צו מאַכן.

מ'האָט מיט איינמאָל פאַרגעסן די נויט:
ווער נעמט עס אין מויל, מע באַקט נישט קיין ברויט!
ס'ווערן געגעסן נאָר לעקעך און פלאָדן,
און משקה — צום באָדן!

האָט דער דייטש זיך מיטגעבראַכט
איין איינציק טעכטערל — אַ פּראַכט:
גאָלדענע לאָקן ביז די פיס,
אויגלעך העלע, ווי די שטערן,
און אַ קול — אַ פרייד צו זען,
האָניק — זיס,
און אין סאַמעט איינגעהילט!
רעדט זי, גלייך אַ פידל שפּילט!
לאַכט זי — אַ קאסקאַדע פרייד!
און דער טרעגער אונטער דער לאַסט,
און אין קלויז, דער פּרוש, וואָס פאַסט,
נאָר מען לאַכט, קינד און קייט!
דאָך דער עיקר איז דאָס לידל,
ס'רעדט אַ פידל, ס'זינגט אַ פידל...
עס ווערט אַזוי זיס, ס'ווערט אַזוי באַנג...

מאָניש לערנט שוין לאַנג אין קלויז,
און טאָג אויף טאָג פאַרבײַ דעם הויז
מיט זאַנג און קלאַנג
גייט ער אין דער קלויז אַריין,
און ער שטעלט זיך אָפּ אין טויער,
זאַפּט די לידער איין אין אויער.

און ס׳פאַרשכורט אים ווי וויין, —
(אַ זינדיקן מענטשן, עפר ואפר!)
נעמט דערנאָכדעם זיך צום ספר,
שווימען די זעלבע נגונים אַרויס,
זינגט זיי שטונדן אויפן זייגער,
און עס הערט פאַרבליפט די קלויז:
נישט קיין וואָלאַך, נישט קיין שטייגער,
און עס ציט די קליי אַרויס...

אַ חבר קוקט,
זעט ער, מאָניש זיצט פאַרצאָגט,
און פאַרציטערט, ווי אין פיבער,
און אַ שטערן בלאַס, ווי קרייד,
און פאַרקוקט ערגעץ ווייט
פון פענסטער אַרויס, פון ספר אַריבער. —
אוי, וואָס איז דיר, מאָניש, זאָג? — —
און אַזוי טאָג אויף טאָג,
טאָג אויף טאָג!
זעט די מוטער, ווי מאָניש פאַרשווינדט:
— „וואָס איז דיר, מיין קינד?
ווער האָט פאַרלאָשן, וואָס פאַר אַ ווינט,
די אויגעלעך דיינע, די שיינע הבדלות?
וואו האָסטו געזומעז נגונים – יללות?

פלעגסט דאָך זינגען גאָר אַנדערע זאַכן,
ס׳פלעגט דאָך פאַר תענוג ס׳האַרץ אין מיר לאַכן
ביים חזן אין שול, צי שבת ביים טיש;
ווי אַ פויגל פריי, ווי אַ גלעקל פריש,
היינט — עפּעס אַנדערש זינגט פון דיר אַרויס,
וואָס איז דיר, מיין קינד, דער מאַמען זאָג אויס!
עס שרעקט זיך די מאַמע דיין!“

— „ווייס איך דען, מאַמע, וואָס ס׳זינגט אין מיר?
כ׳וויל גאָרנישט זינגען, עס זינגט זיך אַליין!
ס׳פליען די קולות, ווי פייגל פון נעסט...
און אַזוי זינגט זיך, אַזוי ווי דו זעסט!“

און אין מקום איז געווען
פון קדמונים אַ מפולת:
(כ׳וויל נישט נעמען אויף משקולת, —
פון אַ קלויסטער, צי אַ שלאָס;
כ׳גיב עס איבער אות באות,
כ׳האָב עס אין אַ בוך געלעזן...)

וואוינען לצים אין דער חורבה,
און מען קרייט דאָרט און מע לאַכט,
און זיי בילן, און זיי מיאוטשען,
און זיי שרעקן נאַכט אויף נאַכט.

וואַרפן שטיינער פון די לעכער,
איבער הייזער, איבער דעכער,
און אויפן דאַך
גייט אויף דער וואַך
אַרום אַ הונט, קודלאַטע, ווילד,
וואָס האָט קיינמאָל נישט געבילט,
נאָר געשטשירעט מיט די ציין...
מילא, ציטערט הויט און ביין,
יידן, און להבדיל, קריסטן,
ווייכן לאַנג די גאַנצע גאַס,
און מיט הויכן גראָז באַוואַקסן,
שטייען הייזלעך פוסטע-פאַס!
קומט די נאַכט, באַווייזט זיך מאָניש
אין די שאָטן פון די ווענט...
און ער שלייכט זיך צו דער חורבה,
מיט די לאַצן אין די הענט —

אים באַגלייטן צוויי מלאכים:
אין דער לינקער זייט אַ שלעכטער,
און מיט טרערן אין די אויגן
גייט דער גוטער און דער רעכטער.

און דער גוטער מלאך רוימט אים
אינם רעכטן אויער אַריין:
„האָב אויף דיר אַליין רחמנות,
זאָלסט פאַר גאָט נישט זינדיק זיין.

דען די וועלט האָט ער באַשאַפן,
וואָס אין הימל, וואָס אויף דר׳ערד!
און די אַלע שבעים אומות,
וועלכע לעבן אויף דער שווערד!
נאָר א תמצית פון די פעלקער
האָט ער יידן אויסגעצויגן,
און זעקס הונדערט דרייצן מצוות
אָפּגעמאָסטן, אָפּגעוואויגן!
און וועט די היטער פון זיין תורה
מיט ש״י עולמות פאַרגעלטן —
זאָג זשע, בחור, איז אַ דייטשקע
ווערט אַזוי פיל שיינע וועלטן?“

חוזק מאַכט דער שלעכטער מלאך,
רוימט אין לינקן אויער אַריין:
„וועסט דערנאָכדעם תשובה טון,
און ער וועט דיר מוחל זיין!
האָט דען ראובן נישט געזינדיקט,
אָדער דוד מיט בת שבע?
און זיי לויכטן אין גן עדן!
ווייל ער האָט אַ גוטע טבע —

און אַ ליאַדע קרום, אַ טרער,
און אַ ווינטער-טאָג אַ תּענית,
און אַ קרעכץ: איך וועל נישט מער,
און ער גלויבט דיר אויף נאמנות״...

הערט ער, מאָניש, די מלאכים,
און דער ישוב דוי׳רט נישט לאַנג.
זי באַווייזט זיך שוין אין פענסטער,
און עס כּשופט איר גענאַנג.

קוים געהערט און קוים געזען,
און ער פליט שוין פייל פון בויגן...
בּלייבט דער גוטער מלאך שטיין
זיט די טרערן אין די אויגן...

*

און אין חורבה ברענט די ליבע;
פלעדער-מייז און שפּינען הערן
זייער זינגען, זייער לאַכן,
זייער קושן, זייער שווערן!

זי פאַרלאַנגט, ער זאָל איר שווערן,
אַז עס איז קיין ליידיק פלוישן,
אַז ער וועט זי נישט פאַרגעסן,
אויף אַ צווייטע נישט פאַרטוישן.

און ער שווערט איר בּיי זיין רבּין,
בּיי דעם טאַטן, בּיי דער מאַמען,
און בּיי אַלע נאָך צוזאַמען!...

— „זאָגט, וואָס נאָך, אום גאָטעס ווילן?״
און זי שעפּטשעט: „ווייניק, ווייניק!
און ער שווערט איר בּיי די פּאות,

בײַ די ציצית, בײַ די תּפֿילין,
אַלץ פֿאַרברענטער און פֿאַרשײַטער,
און זי שמײכלט און זי בעט זיך:
„שווער נאָר װײַטער, שווער נאָר װײַטער!

װײַל אַ בחור קאָן פֿאַרפֿירן,
קאָן פֿאַרגעסן, – האָט זי מורא“...
און ער שווערט איר בײַם פּרוכת,
בײַם פּרוכת, בײַ דער תּורה...

און זי רופֿט אַלץ: „העכער, העכער!“
זי װיל זיכער זײַן אינגאַנצן,
און זי כּשופֿט מיט די ליפּלעך,
און די אױגעלעך – זײ גלאַנצן,

און זײ פֿליסן לױטער כּשוף,
און ער האָט קײן לאַנגן ישוב,
שווערט בײַם שופֿר של משיח,
„העכער, העכער!“ ביז ער האָט
דעם נאָמען גאָט...
פֿון זינדיקן מױל אַרױסגעזאָגט –

פֿון דער הױך אַ דונער שלאָגט!
פֿון גיהנום – אַ געלעכטער –
און פֿון שוועבל גײט אַ ריח,
און ער פֿליט שױן, פֿײַל פֿון בױגן,
אױף אַ בעזעם אין דער הױך!

*

אױפֿן באַרג אַררט דאָרטן
איז אַ לעבן, אַ געפֿילדער,
ס'איז אַ באַל דאָרט אין דער תּיבֿה,
און אַ שרעקלעכער, אַ װילדער!

און ציגיינער פון גיהינום,
צען קאַפּעלן מוזיצירן,
און שאַמפּאַניער – ווי וואַסער,
און די רוחות קאַנקאַנירן.
לאָמפּן – טויזנט פּעסער סמאָלע!
די רשעים זענען צויטן,
גייט אַרום אַן עקסטרא שמש
מיט אַ שערל צו די צויטן!
און די קעניגין איז לילית,
אין די אויגן האָט זי בליצן,
טראָגט סמאל די לאַנגע
שלעפּע מיט בראַבאַנדער שפּיצן...

אָן דער זייט פון תּיבה-טויער,
ביי דעם לעפל פונם אויער
אָנגעשלאָגן, מאָניש שטייט...
ס'פייער ברענט... די שפּיז איז גרייט...

# ר׳ יאָסל

## פּאָעמע

### כי עזה כמות אהבה

(די ליבע איז שטאַרק, ווי דער טויט)

(שיר השירים)

אַ שם אויף דער וועלט האָט ר׳ יאָסל געהאַט,
אַלס גאָר אַ באַרימטער מלמד;
גרעסער פון פאָטער ר׳ בערל כמעט,
נאָך אפשר גרעסער זיין מעמד.

עס פליען פעטש ביי ר׳ בערלען, ווי האָגל,
אַ מוהל-נאָגל – אַ שערל! –
ליידער, שוין גאַנץ געוואָרן דער נאָגל
ליידער, ער לעבט נישט, ר׳ בערל!

עס לעבן דאָך מאַנכע פון זיינע תלמידים,
עס שפּראָצט נאָך עד היום זיין נאָמען;
עס לעבן דאָך מאַנכע — מתנגדים צי חסידים,
זיי בענטשן עד היום זיין נאָמען.

---

זעסטו אַ דאַרקייט, אַן „איכות אָן כמות״,
קיין טראָפּן בלוט אין די ליפּן,
זעסט עמיץ ציטערט אין זומער, אין תמוז –
אים האָט ר׳ בערל געקניפּן!

זעסטו אַ פרומען, אַ שטילן, אַ שוואַכן,
די אויגן פאַרלאָשן, פאַרטריפט —
דו הערסט אים ניט רעדן, דו הערסט אים נישט לאַכן —
ער זיצט אין עין־יעקב פאַרטיפט.

זיין אשה שניידט קריעה, זי יאָגט זיך און האַנדלט,
און מוז נאָך די קינדער פאַרזאָרגן,
ער לעבט — אין אַ חלום, אַ נאַכטוואַנדלער וואַנדלט,
ווייסט נישט, וואָס היינט און וואָס מאָרגן —

ס'איז זיינס אַ תלמיד! — עס קאָכט זיך ביי לייטן,
עס גייט וועגן שוחטים, דיינים;
מע הרגעט, מע מסרט, ער זיצט פון ווייטן,
פאַרקרומט און פאַרחלשט זיין פנים.

נישט זיין איז דאָס שטעטל, ער וויל גאָרנישט וויסן,
און לערנט זיך עין־יעקב כסדר —
אים האָט גאַנץ זיכער ר' בערל געשמיסן,
אַ שריד ופליט פון חדר!

רירט אים נישט אָן, לאָזט רוהיק אים לעבן,
לאָזט ביים עין־יעקב צופרידן!
עס האָט קיין למדנים ר' בערל געגעבן,
נאָר ציכטיקע, קראַנקלעכע יידן!

אין אייגענעם וועג איז ר' יאָסל געגאַנגען,
ער ציכטיקט די גרעסטע קונדייסים;
ר' בערל — אַ שערל, ר' יאָסל איז צוואַנגען,
און שרעקט נאָך מיט רוחות, מיט מתים.

עס האָבן די קינדער ס'גיהינום געפילט,
סמאָלע ברענט ביי זיי אין מוחל,
דאָס יונגע בלוט אין די אָדערן קילט,
מע זעט אויף אַ ליפּ נישט קיין שמייכל!

קוים האָט ער פון אונטער די ברעמען געבלינצלט,
עס ווערן די אויג׳לעך פאַרלאָשן!
עס ווערן די הייטלעך, ווי פאַרמעט געדינצלט —
ער האָט מיט קבלה געדראָשן!

דאָס איז פאַר עלטערן טאַקע דערקוויקנד,
מע האָט אים געלויבט און געהויכט:
נשמהלעך האָט ער געדרויכערט, געטריקנט,
און גופים, ווי לייוונט געבלייכט!

עס האָבן די קינדער עכט-יידישע פאַרבן!...
חנעוודיק: הויט נאָר און ביינער...
עס טרעפט אַפילו טייל קינדערלעך שטאַרבן,
נאָר ד י נ ע ן, חלילה, וועט קיינער!

---

אַ לאַך איז אַ חטא, און אַ שמייכל איז גיפט,
פאַר אַלעם דעם ברענט מען און בראָט,
און לצים, און רוחות באַוואוינען די לופט,
די בריקלעך פון הינטער דער שטאָט!

וואו נאָר אַ מפולת, אַ קרעטשמע, אַ מיל,
פול אַלץ טייוולאָנים און מתים...
און יעדע נאַכט איז פול מתים אין שול,
דאַווענען אין קיטלען, טליתים!

עס וואַלגערן זיך רוחות אין ליידיקע גאַסן
אַ חוץ אין גיהינום, אין תּפת,
אין עולם הדמיון — מיליאָנען, מיליאַסן,
גלגולים אין חיות און עופות!

אין וועלדער בלאָנדזשען געקאָוועט אין דיבעס,
עס פוילט זיי פון רעגן דער רוקן,
אין חיות הקדושות, אין שרפים נוראים,
און קלאָגן, און בעטן זיך תּיקון!

אַחוץ נאָך פון יענע „מורידין ולא מעלין״...
(וואָס טרעפט זיך נישט איין אפיקורס).
אין כּף-הקלע געשליידערט, ווי פיילן,
געוואָרפן עד סוף כּל הדורות!

אַ מלאך, אַז ס׳זינדיקט, וויל גאָט נישט הערן,
קיין תּירוץ, און עפנט די „שלויסן״...
עס פאַלט פונם הימל אַ ליכטיקער שטערן –
גאָט האָט אַ מלאך פאַרשטויסן!

עס זינקט שוין דער ליכטיקער שטערן אין ים,
עס דינט שוין דער מלאך אין גיהינום דעם „ס״ם״
אין חיות הקדושות, אין שרפים נוראים,
געפינט דער רבונו של עולם חטאים –
וואָס האָפט נאָך אַ בשר ודם?

---

ס׳גיהינום באַשרייבט ער גאָר לייכט, ווי אַ פעדער:
עס דאַכט זיך גאָר טייכן און פעלדער!
ת״ו מאות פרסא, גאָר גערטנער און סעדער,
און סאַמע אַנטיפּקע די וועלדער.

נישט מיטן אויג צו דערזען די לאָנקעס,
פאַשן בהמות זיך טאָג אַזוי נאַכט,
און איבער זיי פליען דאָרט אָסעס און באָנקעס –
אַ רשע דערזעט עס און לאַכט!

באַלד ווערט אים פינסטער און חשך פאַר די אויגן,
אַ שרעקעניש ליגט אויפן פנים!
עס זענען קיין פויגל, נאָר רוחות געפלויגן,
עס פאַשן זיך סאַמע טייוולאָנים!...

ימים און טייכן – נאָר שוועבל אויף בעדער...
הייס ווערט דעם רשע און קאַלט –
דערנער און פאָקשיווע וואַקסן אין סעדער,
ס'איז קיין אַנטיפקע דער וואַלד!...

פון שוואַרץ פייער נאָר וואַקסן דאָרט ריטער!
די לאָנקעס – געמויזעכטס צום זינקען...
עס ציט, ווי אַ סמאָלע, ס'איז זומפיק און שיטער,
זיי ווערן אין נעבל דערטרינקען!

באַלד שלעפּט אַן אָסע, אַ באָנק ביי די האָר,
ער שלעפּט, און עס קנאַקן די גלידער,
און שטעלט זיי צוריק אין געמויזעכטס אַנידער
און זינקען שוין ווייטער אַ יאָר!...

און פאַליעס, און רעדער, און תּליות צום הענגען,
און קעסלען מיט סמאָלע צום בריען,
און קאַלך-אויוונס צום בראָטן, צום זענגען,
און צוואַנגען – די נעגל צו ציען,

און פייער, און פלאַמען, און אויטאָ-דע-פעען,
און אַלץ וואָס אַ איד האָט אין גלות געזען
און אָפּגעלעגט אין גיהינום אַרכיוו, –
דאָס אַלצדינג פאַרטיילט ער, די שרעקלעכע זאַכן
פאַר מוקצה, פאַר רעדן, פאַר שטיפן, פאַר לאַכן,
און לויט דעם שטרענגסטן טאַריף!

ב

אינגאַנצן אַ שטוב מיט אַן אַלקער די וועלט,
וואו ס'האָט געלעבט און געליטן מיין העלד!
(אַ יידישער גבור, וואָס האָט איר געטראַכט!)
אין שטוב וואוינט גבריאל עם ציפע זוגתו,
אַ ייד גאָר אַ פּראָסטער, ופרנסו:
אַ שוסטער בייטאָג און אַ וועכטער ביינאַכט!

קרום איז דאָס הייזל, פאַרזונקען, געבויגן,
דער דאַך מיט אַ דיוואַן פון מעך איבערגעצויגן,
באַוואַקסן – אַן אַלטע מצבה!...
די שויבן פאַר עלטער פאַרגרינט און פאַרגעלט;
דאָך האָט אינם שטיבל קיין ליכט נישט געפעלט:
עס איז דאָ אַ „צוהר" אין תיבה!

דער צוהר איז ציפע, מען פלעגט זי אַלס מיידל
צו רופן ביים פאָטער – „דער קונדאַס אין קליידל";
געשטיפט נאָר, קאַטאָוועסלעך געטריבן...
דאָס האַרץ איז אַ גאָלדנס, דאָס צינגל אַ קניפּיק;
היינט איז דאָס זעלבע, זי טראָגט נאָר אַ טשיפּיק,
דער קונדאַס, דער שפּאַס איז געבליבן!

דער קוימען-אויוון איז אָפּגעשיילט גאָל...
די כלים: נאָר דראַטוועס און פלעקער, אַן אָל,
אַ שענקל, צוויי אָרעמע בעטן...
וואָס איז ער? אַ וועכטער, אַ שוסטער אינגאַנצן,
נאָר אַלץ הייבט אָן שיינען און לייכטן און גלאַנצן,
אַז ציפע הייבט אַלץ אָן צו גלעטן.

מיט ליכטיקע שטראַלן פון ד'אויגן די בלויע,
זיי שלאָגן זיך אָפּ ביי גבריאלן אין גרויע,

מיט ליכט ווערט באַגאָסן די שטוב!
און שטיל, וואו מ׳הערט נישט דאָס לעבן פון גאַס,
נאָר דאָרט אינם אַלקער, ווי טרויעריק און נאַס,
דאָרט, וואו ס׳האָט קיינער נישט ליב —

וואו הייליקע ספרים אַרום אויף די ווענט,
ווי אַ קאַגאַניעץ אַן אייביקער ברענט, —
דאָרט איז ר׳ יאָסעלעס וועלט!
וואו ס׳פליען נאָר פליגן און שפינען נאָר וועבן,
דאָרט פליט ר׳ יאָסל און שפינט אָפּ זיין לעבן,
דאָרט לערנט ער קבלה און קנעלט!

ער האָט זיך באַדינגען אויף קעסט און קוואַטיר,
ליכט ברענגט אַ ביסל די שויבענע טיר...
איך ווייס נישט: אַן אַלמן, אַ גרוש?
נאָר עלנט אַ שטיין, נאָר תעניתים, סגופים,
ענויים און שמות, השבעות, צרופין —
אויף אייביקע יאָרן אַ פּרוש...

אין אַלקער דאָרט קנעלט ער און ס׳טרעפט זיך ביינאַכט
ר׳ יאָסל בלייבט זיצן גאָר ראַפּטום פאַרטראַכט,
און גלאָצט מיט די אויגן גאַנץ לאַנג אויף דער טיר;
עס דאַכט, ער שווייגט, און עס לאָזט זיך דערהערן,
אַ פרעמדס, אַ קול גאָר, פול ווייטאָג, פול טרערן,
און לערנט מיט די קינדער דעם שעור!...

עס שרעקט די תלמידים, עס לעכערט אין אויער,
עס שטעלן זיך האָר און נעגל קאַפּויר,
און פּלוצלינג — דאָס קול הייבט אָן לאַכן!...
מע ווייסט עס אין שטעטל, מע קלערט, און מע טראַכט..
אַ סברא, דער „מגיד” באַווייזט זיך ביינאַכט...
מע וואַרט נאָך אויף גרעסערע זאַכן!

חינטער ביינאַכט, און קיין קריש אָפּגעבראָכן,
דאָס ליכט נישט אַפילו מיט שפּילקעס געשטאָכן,
קיין האָר געצויגן, ווי ס'טרעפט אין חדרים;
פאַר „אונזערס" אַ תּלמיד איז דאָס נישט קיין שטייגער,
אויסגעבּרענט האָט עס, ס'איז ניין דער זייגער, —
די קינדער פאַרמאַכן די ספרים!

עס שלייכן אין שניי שוין די אָרעמע קינדער,
עס פרירן די פיסלעך, מע גייט נישט געשווינדער,
דרך ארץ, די אויגלעך פאַרגלייסט!
פון שניי נישט קיין קוילן, דאָס איז נישט קיין אַרט,
אַהיים גייט מען רוהיק, פּאַמעלעך... וואָס וואַרט
דאָרט אויף די קינדער? ווער ווייסט?

וואָס קומט אים אַקעגן, ווען ר'עפנט די טיר?
דעם טאַטנס אַ שמייכל: צי קענסטו דעם שעור?
אַ קניפּ... און גאָר אפשר — די מוטער?
זי שטעלט אים ביים וואַרעמען אויוון אַ נידער,
זי ווישט אים דעם שטערן, דערוואַרמט די גלידער,
באַגיסט אים קאַרטאָפלעס מיט פּוטער.

איין יינגל בלייבּט דאָך אין חדר אַליין,
אויף אים האָט קיין האַרץ נישט געקלעמט!...
אים וואַרט נישט קיין מוטער, ער האָט נישט קיין היים;
אַ יתום, אַ קינד פון דער פרעמד.

ער איז ביי ר' יאָסלען אויף דירה און קעסט,
ער ליגט שוין אין בעטל פאַרקנוילט...
ער שלאָפט שוין און ציטערט אינגאַנצן; ווער ווייסט,
וואָס פאַר אַ חלום אים גרוילט!

גאָט ווייסט, וואָס אים חלומט! צי שמייסן אים שדים,
אונ פייערדיק פילט ער די רוט!
צי בייסט אים דער הונט פון גיהינום דער שוואַרצער,
אונ זויגט אפשר לילית זיין בלוט?

אונ אפשר געוואָרפן אין גרוב צווישן שלאַנגען,
מע גיסט אים גאָר שוועבל אין מויל!...
ער שווימט אין זיין אייגענעם שווייס אינם קאַלטן,
עס יאָגט אין די ביינדלעך אַ גרויל.

---

אין בעט קעגנאיבער שלאָפט נאָך נישט ר׳ יאָסל,
פאַרטראַכט אונ דער שטערן פאַרצויגן,
אין פינסטערן אַלקערל לייכטן אונ גלאָצן,
ווי פאָספאָר, די ווילדע צוויי אויגן...

אין דורך אַ שפּאַרע פון טיר שלאָגט אַדורך,
אונ פאַלט אויף זיין פנים אַ ליכטיקע שטראַל,
ווי בלאַס איז זיין פנים, אויף אים איז צעגאָסן,
אַ מין עגמת-נפש, אַ שרעקלעכער קוואַל...

עס הערן פון הינטערן ווענטל זיך שטימען
פון ליכטיקן צימער אַרויס;
גבריאל, דער וועכטער, געזעגנט זיך צינדערט
מיט ציפען, זיין ווייב, ביז כּעלות...

ערשט נאך אַ חתונה — קושן זיךביידע..
— „גאָט זאָלן געב׳ן בעסערע צייטן,
קאָן איך אַלס שוסטער אויך האָבן פרנסה...
אונ לעבן, ווי ס׳לעבט זיך ביי לייטן".

דערווייל גאָט צו דאַנקען, האָב'מיר דאָך פרנסה...
ציפּע, ס'איז שפּעט, לאָז מיך גיין"...
זי כאַפּט אים די באַק אָן, און קושט אים נאָך שטאַרקער,
— "האָסט אויף דער באַק אַלע ציין!"

אַרויס גייט דער וועכטער, ר' יאָסל שליסט ד'אויגן,
און זיפּצט אָפּ פון האַרץ, פונם טיפן...
ער עפנט זיי ווייטער, זיי גלאָצן נאָך ווילדער,
הערט ער פון דרויסן דאָס רופן:

"היט אייך פאַר פייער!" "פאַר פייער", "פאַר פייער!"
און ציטערט און שוידערט אינגאַנצן...
שטיל איז אין שטוב שוין, דאָס ליכט איז פאַרלאָשן...
נאָר זיינע אויגן — זיי גלאַנצן!

פיבערהאַפט גלאַנצן די ווילדע, די אויגן,
ער ליגט אַלץ פאַרטראָגן, פאַרטיפט;
מיטערנאַכט זעצט ער זיך אויף, ווי דערשראָקן:
— "חיימל", וועקט ער און רופט...

חיימל כאַפּט זיך מיט שרעק אויף פון חלום,
אין ד'אויגן נאָך ציטערט אַ טרער.
— "חיימל — הייסט ער אים, — לעג צו געשווינדער,
צום ווענטל די אויערן און הער:

"צי שלאָפט שוין די אשה, צי שלאָפט זי שוין דאָרטן?
בויג צו די אויערן און האָרך!"
און חיימל ענטפערט: "ס'איז פינסטער אין שטוב שוין,
מען שלאָפט שוין, איך הער נישט קיין שאָרך!

— „אָ, חיימל, הער", מאַכט ווייטער ר׳ יאָסל:
„ערגער ווי שעטנז, ווי טרפות,
אָ, טויזנט מאָל ערגער נאָך זענען די נשים,
די נשים, זיי זענען מכשפות!

„און שטאַרק איז דער כשוף, פון ווייטנס דער כשוף
ער ברעכט דורך מויערן און ווענט,
עס ליגט דאָס גיהינום ביי זיי אין די אויגן,
עס ווערן נשמות פאַרברענט!

„עס שפּריצן פונקען אַרויס פון די אויגן,
דאָס פייער — גיהינומדיק שוואַרץ!...
מיר שלינגען איין מיטן אָטעם נצוצין,
פון זיי שטריקן זיך פעדים אין האַרץ!

„דער יצר-הרע פלעכט ווייטער די פעדים,
איז מיט זיי מבלבל דעם מח,
און בינדט די נשמה מיט ד׳אייגענע פעדים,
ביז זי בלייבט ליגן אָן כח!

„ער בינדט און ער פלעכט, די נשמה בלייבט ליגן,
פונקט ווי אין שפּינוועבס אַ פליג,
ביז זי בלייבט ליגן פאַרשמאַכט און פאַרחלשט,
און זעט ער, אַז ס׳איז שוין גענוג,

„באַווייזט זיך אַרויס ערשט דער שטן המשחית,
אין צ ל ם פון אשה פאַרשטעלט...
עס ציטערט און צאַפּלט די פליג, די נשמה,
זי זעט שוין, עס עקט זיך איר וועלט!

„און פונקט, ווי אַ שפין מיט אַ פליג אַזוי טוט ער,
דער שטן המשחית, דער ס״ם,
ער זויגט אויס איר חיות, איר זאַפט און איר בלוט,
און לאַכט זיך נאָך אויס מן־הסתם״!

ווילד הייבט זיך אופ׳עט ר׳ יאָסל און זעצט זיך,
חיימלען פונקט קעגנאיבער:
„דעם יצר־הרע ווער גובר איז, חיימל,
הערסטו, איז טאַקי גבור!

„אָ, חיימל, הער, איך זאָג דיר נישט מער,
די וועלט – צו וואָס איז זי גלייך?
די מענטשן — וואָס נישט? – זיי זענען נאָר פיש,
זיי שווימען אַרום אין אַ טייך...

„פאַרשטייסט מן־הסתם, דער פישער איז ס״ם,
ער שטייט זיך ביים טייכל, ביים ברעג,
און לאָזט אָפּ דעם לץ, די אשה — זיין נעץ...
רחמנא־לצלן, איז אַן עק!״ –

ג.

פינסטערע רוחות און שדים – צערינט!
צעיאָגט אייך, טייוולאָנים! גיהינום – פאַרשווינד!
צערייס זיך, דו שפינוועבס! — ווי שפּיציקע פייל
שטעכן די זוניקע, גאָלדענע שטראַלן.

עס איז גרויסער טאָג שוין! איך טרייב קיין קאַטאָוועס,
די פּראָסטע זון מיין איך! ר׳ יאָסלס בעל־בית,
דער שוסטער בייטאָג און דער וועכטער ביינאַכט,
צעציט זיך און עפנט די אויגן — דערוואַכט!

ער זאָגט „מודה אני״ און רייבט זיך גוט דורך
די אויגן; אים וואונדערט, ער הערט נישט קיין שאָרך,
עס וועקט אים אויף ציפּע טאָג־טעגליך כסדר,
וואו איז זי געגאַנגען? וואָס קנעלט נישט דאָס חדר

צי איז עס אַ חלום? ער קנאַקט זיך די הענט,
ער קוקט אויפן קוימען — אַ פייערל ברענט,
עס קאָכט זיך אַ יויכל, ער פילט עס אין מויל,
ער שפּרינגט שוין אַרויס פונם בעט, ווי אַ קויל!

ער כאַפּט די שטיוול, ער ציט שוין ביי די אויערן,
שמייכלט, עס ווערט דאָך דער שמייכל געפרוירן,
עס ווערן נאָך טריבער די אויגן די מאַטע,
און דרייט דעם פאַרמאָרזשעטן קאָפּ דעם קודלאַטע,

וואו זענען זיי אַלע, ר׳ יאָסל, די קינדער? —
עס ווערט אים אומהיימליך, עס שרעקט אים דאָס וואונדער;
ער קנייטשט זיך זיין שטערן, ער הייבט שוין אָן זאָרגן,
פונקט יאַוועט זיך ציפּע פון אַלקער: „גוט מאָרגן!״

פאַרשוואונדן דער וואָלקן, די זאָרג שוין פאַרפלויגן,
און ליכט אויפן פּנים און פרייד אין די אויגן!
זיי קוקן און שמייכלען גוטמוטיק, ווי קינדער;
קיין צייט איז צו פרעגן, פאַרגעסן דאָס וואונדער.

ער גיסט אָפּ די נעגל, זי גיסט אויס די שיסל,
און וואַשט אים דעם קאָפּ שוין, אים פרעסטלט אַ ביסל,
דאָס גרויסע קינד ציטערט, זי זייפט אים און ווישט,
און קעמט אים, ער שמייכלט דערקוויקט און דערפרישט.

דעם תפילין-זאַק כאַפּט זי אַראָפּ פון דער וואַנט,
דערלאַנגט אים. — „ציגד דאַוון!" ער כאַפּט מיט איר האַנט,
עס רייסט זי אויס ציפּע: „ניין, מאָרזאַק, ציגד ניש'!"
ער דאַוונט, זי שוימט שוין און גרייט שוין צום טיש.

אָט וואַסער צו וואַשן, אָט פעפער און זאַלץ,
אָט מעסער און לעפל און רעטעך מיט שמאַלץ;
עס דינען די פינגער אַלס גאָפּלען גאָר פיינע,
זיי מאוסן זיך גאָר נישט — אַ שיסל נאָר איינע...

ער שפּייט אויס „עלינו", און שמייכלט גאַנץ ליב,
זי גיסט שוין דאָס יויכל, עס שמעקט שוין אין שטוב,
געבראָקט אינם יויכל דריי נעכטיקע בייגל...
נאָר פליישׁ גאָר אַ פּיצל, עס דאַכט זיך פאַר פייגל...

דער קאָפּ דער קודלאַטער ער הייבט זיך אָן בויגן,
עס ווילט זיך דעם נאַשער, ער בלאָזט אויף די ליפּן;
ציפּע פאַרשטייט אים און טראָגט אים אַ קעגן,
אַ קוש גאָר, אַ הייסן דאָס מויל צו פאַרשטופּן!

גאָר זי דערמאָנט זיך, ווערט טרויריק און באַנג,
עס איז איר גאָר פון די געדאַנקען אַרויס:
„צי ווייסטו, גבריאל, דער יתום איז קראַנק,
דעריבער דאָך קנעלט היינט ר' יאָסל אין קלויז!...

ר'איז חרב דער יתום, גאָט היט און באַשירעם!
וואָס קלערסטו, ער פייניקט די קינדער, די ווערים,
ציגד שלאָפט ער. נאָר פריער, דו זאָלסט געוועזן הערן,
אַ גאָטס רחמנות!" – עס ווייזן זיך טרערן,

אין טונקעלער ווערן די אויגן די בלויע,
די ברוסט אין איר ציטערט, דאָס פּנים ווערט ווייס.
„ר׳ יאָסעלע — הערסט — איז אַ חיה נוראה,
איך וואָלט אים צעריסן אויף שטיקלעך פאַר כּעס!"

— „ציפּע, פאַרוואָס?" — „אַך, אַ קלייניגקייט גאָר,
מע נעמט אַזאַ יונגל, אַ יתום פון ווייט..."
— „גיי שוין, גיי, ציפּע... אויף מיר אַזאַ יאָר,
ווי פון דעם יתום וועט ווערן אַ לייט"!

— „דערוויילּ, זע איך, איז ער פאַרחלשט אָן כּח!...
ווי האָט מען קיין יהדות — צו מוטשען אַ קינד!"
— „אוי ציפּע, ציפּע, דו שריי נאָר נישט הויך,
פאַר דער נשמה איז דאָס אַלץ געזונט!"

ער ציט זי צו זיך, זעצט זי אויף דער שויס.
„אַזוי רעדן, ציפּעניו, רופאים נאָר, דראַבּעס!
מיין נאָר נישט, ציפּע, ס׳רחמנות איז גרויס,
זאָלסט הערן „אַלשיך" אין שולעכן שבת.

„אוי, דו זאָלסט הערן! נשמה איז אַש.
אַש איז נשמה, דאָס הייסט: אַ פייער!
און אַז זי פלאַקערט, פאַרברענט זי דאָס פלייש...
נאָר, אַז זי ברענט, אַז זי פלאַקערט איז טייער!

„זען בחוש קאָנסטו, עס וואַקסט אין דער ברייט,
עס וואַקסט אין דער לענג נאָר אַ שוסטער אַ גראָבער,
אַ שניידער, אַ קצב; דאָס רביל, קוק אָבער
אָן חיות, אָן לעבן און קוים וואָס עס גייט!

„באַטראַכט די דיינים! פאַר דאָס זייער לוין
איז דאָרט, וואו דער גוף איז שוין גאָרנישט קיין גאה;
אין בית-דין של מעלה, וואו, ציפּעניו קרוין,
קיין שניידער, קיין שוסטער, האָט גאָרנישט קיין דעה!

„ווײַל דאָרטן — אויס עזות, דאָרט מאַכט מען קיין כוסה,
קיין שניידעריש ווערטעלע גילט גאָרנישט דאָרט,
דאָרט זיצן אבות, צדיקים גאָר גרויסע...
און גאָט אַליין לערנט, מען הערט יעדעס וואָרט!

„הלואי וואָלט דיין מאַן אַזאַ פּנים געהאַט,
און זאָל נאָר די שוואַרציטשקע פּינטעלעך לעזן!"
דאָ שפּרינגט אויף ציפּע: „און איך זאָג דיר גלאַט,
אַז איך וואָלט דאַמאָלט דיין ווייב נישט געווען!

„איך בין אַ שניידערס אַ טאָכטער, מעגסט לאַכן,
מיין שכל וועט אייביק שוין שניידעריש בלייבן,
מען זאָל באָדיי פּעקל-פלייש דאָרט פון מיר מאַכן,
הערסטו, גבריאל: קאַסטרוי זאָל מען טרייבן,

„איך וויל קיין געווייקטן, קיין הערינג, קיין גולם,
איך קאָן נישט ליידן, און מעג דיך פאַרדריסן,
עס שלאָגט מיר קאַפּויר, דערזע איך דעם עולם,
די וואָנסעס מיט טאַבאַק, דאָס הוסטן, דאָס ניסן"...

זי זעצט זיך צוריק אויף דער שויס ביי גבריאלן:
„גיב מיר נאָר, מאָרזאַטש, די וואָנסעס צו שפּילן,
זיי מיט דיין אלשיך נישט גרויס!
תורה קאָן איך דאָך פון „צאינה וראינה",
תורה איז תורה, צי די, צי יענע...
הוידע מיך נאָר אויף דער שויס!

„שרעק דיך נישט! גלייך אויס דעם שטערן, און שמייכל,
איך וועל דיך לערנען, דיין ציפּע האָט שכל!
זיי פירן אַרום ביי דער נאָז!
פאַרוואָס קומט גן-עדן, זאָלן זיי מיר זאָגן,
נאָר געלעניש-זאָכעניש, נאָר חולה-מאָגן?
גבריאלטשע, איך פרעג דיך, פאַרוואָס?

„צי זענען געווען אויך שוואַך און אָן אָטעם
יעקב אבינוס עשרת השבטים?
געדענקסט: אַז אַ קול זאָל דערלאַנגען
ביז פרעהן צום פּאַלאַץ, געדענקסטו, גבריאל,
פרעה פאַר שרעק — אַ טאָלעץ פון דער שטול...
און היינט-זשע דאָס שפּרינגען אויף זאַנגען!

„און יוסף הצדיק האָט נישט קיין גן-עדן?
און איז דאָך געווען גאָר שיין, ווי די וועלט,
און האָט זיך גאָרנישט דאָס פּנים פאַרשטעלט,
כאָטש איך אים קוקן אי ווייבלעך, אי מיידן!

„און וואָס איז געווען, זאָג, שמשון הגבור?
ווייל זיי פאַרדרייען דעם קאָפּ, די גנבים?!
הערסטו, גבריאל, איך זאָג דיר דעריבער...
הער נישט די שוטים, הער נישט די כּלבים!"

דעם פינגער לעגט ציפּע אַרויף אויפן נעזל:
„און וועסט נאָך, גבריאל, אַמאָל ווערן געוואָר,
ס'שטילינטשקע וואַסערל, ס'קליינטשיקע גרעזל,
איז דאָך... „זי רוימט אים אַ סוד אויפן אויער...

ער שמייכלט האַלב גלויביק: „עס קאָן אפשר זיין!"
זיי שפּרינגען אויף ראַפּטום, זיי האָבן געהערט
אַ זעץ פונם אַלקער, זיי לויפן אַריין,
אַראָפּגעפאַלן איז דאָרט דער יתום אויף דר'ערד.

פון מיילעכל פיענע: „אָ, מאַמעניו קרוין!
קום שוין געשווינד, מיר די שפין צו פאַריאָגן;
זי שטייט אויף מיין קעפּל, אָט נאָגט זי מיך שוין,
זי וועט מיר דאָס בלוט מיינס... זי וועט מיך אויסנאָגן!"

---

גאַנץ לאַנגזאַם איז צו זיך דער יתום געקומען,
און קוים איינגעשלאָפן נאָך טיי מיט ציטרין...
– „דיר וועל איך, ר' יאָסעלע, צאָלן מזומן...
פאַר אים זאָל זיין מוטער אין הימל זיך מיה'ן!"

„שניידעריש" וועט זי אים שטעלן שוין אַ חופּה,
און גאָט זאָל דעם יתום די כּוחות דערפרישן!...
פאַר כּעס און רחמנות ציטערט אַזש ציפּע,
זי הייבט אָן דעם יתום צו גלעטן, צו קושן...

ער בלייבט שטיין אַ רגע, גלייך ר'האָט אַ ישוב,
די ליפּן פאַרבייסט ער, דאָס פּנים פאַרביטערט,
ער לעגט די הענט אויף דער קליאַמקע, זי ציטערט
און שעפּטשעט: „רבונו של עולם! אַ כּשוף"...

גבריאל דערזעט אים, בלייבט קאָמיש דערשראָקן,
עס פאַלט פון דער האַנט אים דער האַמער, דער פלאָקן:
דער קוימען איז ליידיק, ר' יאָסל קומט עסן;
זי האָט זיין יויכל פאַר צרות פאַרגעסן.

דורך גייט ר' יאָסל, אין אַלקער איז טונקל,
דערזעט ער נישט ציפּען, גייט גלייך צו צום ווינקל,
צום קינדערשן בעטל, דערזעט זי אין עק,
און בלייבט שטיין פלוצלינג פאַרשטיינערט פאַר שרעק.

און ציפּע שמייכלט: „זייט מוחל, איך בעט אייך,
איך האָב מיך פאַרשפּעטיקט, איך גיי אייך ערשט קאָכן;
מען טאָר נישט אָפּטרעטן פון קראַנקן, איר זעט דאָך,
אַ שפּין איז אויף אים דאָ אין חלום געקראָכן.

„נאָר זאָגט אים כאָטש היינט נישט קיין מוסר, ר׳ יאָסל,
אויסרוען זאָל ער זיך, אויסשלאָפן פריער!
איך וועל אייך גרייטן צום טיש, היינט, בײַ מיר,
אָט, מאַך איך שוין פייער און שטעל צו דעם ראָסל.

„און ווען זיין אַלץ פאַרטיק, וועל איך אייך שוין רופן,
צעהאַק אַ פּאָר שפּענדלעך, געשווינדער, גבריאל!״
ר׳ יאָסל זיפצט אָפּ פונם האַרץ, פונם טיפן,
און פאַלט אַנידער ביים ברעט אויף דער שטול...

---

ער זיצט אויפן בענקל אָן אָטעם, אָן כּח,
עס פלאַמען ווילדע געדאַנקען אין מוח,
און צינדן אונטער די אויגן, זיי ברענען...
ער שפּאַרט דעם קאָפּ אָן ביים יתום צופיסן;
אים ווילט זיך דעם ווייטאָג פון האַרץ אַרויסגיסן,
עס ווילן זיך די טרערן פון ד׳אויגן נישט טרענען.

זיי זידן אין ד׳אויגן און ווערן פאַרברענט.
„רבונו של עולם!״ פאַרברעכט ער די הענט.

„רבונו של עולם, דו הייסט דאָך „רחמנא״,
צי בין איך פאַרביי שוין, האָב איך קיין תקנה?

עס העלפט נישט קיין חלשן, בעטן און שרייען,
„הבא לטהר...״ וואו׳ז דער „מסייע״?

„דער יצר הרע איז פרעה... מצרים...
זאָל זיין, רבונו של עולם, „בשלח״!
עבודת-הפרך... דיין עבד... באַפרייען!...
שיק מיר דיין הילף שוין, באַדיי דורך אַ מלאך.

---

„אין זכות פון צדיקים, קדמונים און אבות, *)
זאָל זיין מיין רעכטע און לינקע מרכבות...
איך ברען, ווי אַ גלאָווניע, גאָט, שלעפּ מיך אַרויס
פון העלישן פייער, עס ברענט שוין מיין פלייש!
לאָז ווערן מקוים: כאוד מוצל מאש;
אַניט לעש — דאָס העלישע פייער שוין אויס!

„ווי אַ קינד ביים טאַטן בעט איך זיך ביי דיר,
גאָט, מאַך זי מגונה, גאָט, מאַך זי מכוער,
אַניט — כאָטש זאָל בלייבן דער ווערטער אין שטוב!
איך וויל נישט קיין יחוד, כ׳וויל בעסער שטאַרבן!
כחרס הנשבר? צעבערעך, ווי אַ שאַרבן,
איידער דער יחוד — שוין בעסער אין גרוב!

„און גייט ער אַוועק נאָר, און רופט זי מיך עסן...
גאָט! כ׳וועל דיין היליקן נאָמען פאַרגעסן...
די שלעכטע מחשבות, זיי ברענען און זידן!
רבונו של עולם, דאָס זעסטו נאָר איינער,
אין האַרץ און אין מוח, אין מאַרך פון די ביינער,
אין רמ״ח אברים, אין אַלע שס״ה גידין!

„די קליפּה וועט גובר זיין, ס׳וועט איר געראָטן,
רבונו של עולם! שריי נאָך אָן דעם שטן!
איך וויל קיין נסיון. אָ! לאָז ער זיך ווענדן,

---

*) עין תפלה ליצ״ה, סדור אורח חיים

צו גרויסע צדיקים, צו שלמהס אַבעט,
וואו ס'וואָלטן אים „ששים גבורים" געפּלעט
מיט שווערדן פון אונטער די לענדן!"

---

דער וועכטער געזעגנט זיך צינדערט מיט איר,
ער הערט אים אַרויסגיין, עס קלאַפּט צו די טיר.
„חבל על דאבדין!" רופט ער פאַרביטערט!
ער רייסט זיך די פאות, קנייפּט זיך די באַקן,
און הייבט אָן די פינגער צו ברעכן, צו קנאַקן,
ער בענקט נאָכן רופן און שרעקט זיך, און ציטערט!

ד

ער ריטשט זיך פון בענקל, ער בלייבט ליגן כורעים,
ער וויל זיך אויפהייבן; אומזיסט זיין באַמיען,
ער חזרט און חזרט אַלץ: „ששים גבורים",
און די גבורים, זיי שלעפן און ציען

דעם רעשט שיר השירים אַרויף אויף די ליפּן;
די פסוקים זיי יאָגן זיך, שטויסן און שטופּן
(אין מוקדם ומאוחר אין הייליקן ווערק!)
די פסוקים — זיי יאָגן זיך, וויקלען זיך, מישן,
און פון „ישקני" (אָ, לאָז ער מיך קושן!)
ביז „הרי בשמים" (פון בשמים די בערג)!

אים דאַכט זיך, אַז ציפּע — זי שטייט אים אַקעגן:
זי האַקט אים אַלץ איבער אינמיטן מיט פרעגן;
צי מיינט איר דען טאַקע די כנסת-ישראל?
איך האָב אַלע ציינדלעך, דאָס קאָנט איר מיר גלויבן;
ציינדלעך, ווי פערל, און אויגן, ווי טויבן,
— „צי האָט איר באַטראַכט מיינע אויגן אַמאָל?

„אַ לילי בין איך!״ זי שמייכלט און לאַכט:
„זעט נאָר מיין העלזל, מיין פנים באַטראַכט!
זעט נאָר די בעקלעך — ווי רויזן אין טאָל;
די גבירישע טעכטער, טוען זיך אָן הערנער!
איך בין דאָך די שענסטע, אַ רויז צווישן דערנער!...
מיך מיינט איר, נישט כּנסת־ישראל!

— „צי בין איך נישט שיין, ווי שולמית, און יונג?
צי רינט נישט מיר מילך, און האָניק פון צונג?
פון מיין קול ווערט איר גאָר נישט נתפּעל?
איך שיין — די לבנה, איך שיין, ווי די זון,
איך בין שולמית, איר ווייסט ווער איך בין!
מיך מיינט איר, נישט — כּנסת־ישראל.

---

„אין כּנסת־ישראל פאַרגעסט שוין, און זעט,
דאָ שטיי איך, שולמית, און שלמה זייט איר!
קומט, דריקט אייך צו — ווי אַ חתימה צו מיר,
מיין אָטעם איז עפּל, מיין גימען איז מעד!

וואָס שרעקט אייך, ר׳ יאָסל, וואָס קריצן די ציין?
איר מיינט, ס׳איז דער טייוול, ער מאַכט אייך צו שפּאָט
אָ, חס ושלום! איר זאָגט דאָך אַליין:
„שלהבת יה״, די פלאַם איז פון גאָט!

די פלאַם איז פון הימל, פון גאָט איז די פלאַם,
זי ווערט נישט פאַרלאָשן... קיין טייכן, קיין ים,
זעט, ווי איך שמייכל, בין גליקליך און קוועל!״
און קוים רופט די אמתע ציפּע: „ר׳ יאָסל!
„איך בראָק אייך שוין בייגל, איך גיס שוין דעם ראָסל״,
טרעט ער שוין איבער די שוועל!

## ה

דאָס קאָן איך אייך זאָגן מיט ריינעם געוויסן:
ער האָט זיך געוואַשן, און אָפּגעווישט ריין,
נאָר „שאו ידיכם״ – דאָס קאָן איך נישט וויסן,
צי זאָגט ער באמת, ר׳ יאָסל, צי ניין.

מיר דאַכט זיך, שעפּטשעט גאָר: קליפּה און קליפּה,
און זאָגט פון דער ברכה קיין וואָרט.
„נו זעצט אייך, ר׳ יאָסעלע! שמייכלט נאָך ציפּע,
זעצט אייך, אָט דאָ אויף מיין אָרט!

„און מאַכט שוין, ר׳ יאָסל, אַ מוציא, איך בעט אייך...
איר זאָגט אַלץ, און זאָגט אָן אַ שיעור״.
ער פאָלגט זי. – „אָט זאַלץ, מיט אַ שטיקעלע רעטעך,
עס זעט אויס, איר מאוסט אייך פאַר מיר?

„וואָס מאוסט איר אייך פאַר מיר, פאַר ווע‌לכער דרשה;
צי זע איך אייך אויס אַזוי מאוס?
מיין מאַן, גבריאל, זאָגט אויף מיר „נישט קשה״...
און שמייכלט דערביי אַזוי זיס...

„אַ צוקערקע – זאָגט ער – נאָר אייך? ווער קאָן וויסן –
איר זייט גאָר אַן אַנדערער ייד!״
(עס וואַרפט אים דאָס פיבער, עס שטיקט יעדער ביסן,
עס ברענט אים אין האַרצן, עס זידט).

„מיין מאַן גבריאל... גוט איז ער זייער
און... כ׳זאָל אַזוי וויסן פון שלעכטס,
ווייס איך, וואָס פעלט אים... נאָר גראָב אומגעהויער –
(דאָ גיט זי פון האַרצן אַ קרעכץ).

„ער קעמט זיך אַפילו . . . אָן שפּיצן די באָרד. . .
און פּאהלעך, ווי איך האָב ליב,
נאָר גרעבלעך ! . . . ר׳ יאָסל . . . ווען איר וואָלט געטאָרט . . .״
(עס דרייט זיך אַרום אים די שטוב).

„ווען איר אָן פּאות, אַ בערדל אָן שפּיצן ! . . .
אַך, יידן ! איר זייט גאָר נאַראָנים !
עס שלאָגט אייך די תורה אין ד׳אויגן, ווי בליצן,
די חכמה, זי שיינט אויפן פּנים.

„און ווייבלעך די שענסטע . . . זיי וואָלטן געשטאָרבן ! . . .
פאַרשטופּן זיי ד׳אויגן אין דר׳ערד . . .
און מאַכן פון ליכטיקן פּנים אַ חרבן,
מיט קאָלטענעס — פּאות און בערד . . .״

---

פרעגט, וואו האָט ציפּע די שפּראַך געלערנט ?
אַ שניידערס אַ טאָכטער געוועזן,
גאָר ווייט פון ביכער, ראָמאַנען — ענטפערנט,
אַפילו נישט „שמ״ר״ געלעזן.

אַ שניידערס אַ טאָכטער, פון טאַטן, פון זיידן,
וואו נעמט זי די קונצן, די זאַכן,
וואו נעמט זי דאָס זיסקייט אין שמייכלען, אין לאַכן !
דאָס איז אַלץ — די שלאַנג פון גן-עדן !

אַזוי האָט געדייבערט די שלאַנג,
עס האָבן זיך די ווערטער, עס האָט זיך דער קלאַנג
אין וואַקסענעם הערצל אָפּפאָנאָגראַפירט ! . . .
און חוה פאַרירשנט אויף אייביק די טעכטער,
דעם ווייך – אינם רעדן, דעם מעד אין געלעכטער,
אַ שמייכל, וואָס ציט און פאַרפירט . . .

---

דאָס ווערט נישט געלערנט, דאָס ווערט נישט שטודירט:
דעם וואַקס-צילינדער קוים האָסטו באַרירט,
עס קלינגט שוין, ווי האָניק און ווערטער-שעפּטאַלן!
בלומען באַשיטן דיין זעלע מיט שטויב,
עס דאַכט זיך, עס זינגען מלאכים דיין לויב,
דו טאָפּיעסט אין גאָלדענע שטראַלן.

דאָס איז די שלאַנג אַליין. נישט נאָר אונזער זיידן,
האָט זי פאַרטריבן פון שטילן גן-עדן,
נישט אדם הראשון אַליין!
און נישט איין שמשון הגבור געשוואַכט,
נישט איינעם די טויערן פון הימל פאַרמאַכט,
מע זאָגט נאָך, אַז שקר החן,

הבל היופי! דאָס בלוט הייבט אָן וועלן;
קוים גיסט זיך דער האָניק פון ליפּן, ווי קרעלן;
עס קלינגען די טענער, ווי זילבערנע גלעקלעך,
און דער טאָג שמייכלט אויף ראָזיקע בעקלעך,

און אויגן בריליאַנטן, זיי לייכטן און בלישטשען —
ווער ווערט נישט שכּור פון די ארבע כּוסות?
עס הייבט אָן ר' יאָסלען אין העלדזל צו סוויסטשען,
און קוים, וואָס ער אָטעמט, ער כראָפּעט — אַ גוסס..

ער גוססט, ער כראָפּעט: אָ, ציפּעניו קרוין,
נו, נאַ דיר די פּאות, אָ, נעם זיי דיר שוין...
איך בין זיי דיר מקריב!... איך וויל זיי נישט מער,
און נעם דיר די שפּיצן, אָ, נעם אויף נאמנות...
און ציפּע פירט אויס דעם שפּאַס אָן רחמנות,
זי שמייכלט און — האַלט שוין די שער...

קאָנט איר די ווילדע טראָפּעען פון שלאַכט ?
בלילה ההוא, אין דער דאָזיקער נאַכט,
האָט ציפּע דלילה געוויזן מיט גאות,
איר מאַן, גבריאלן, די ווילדע טראָפּעען,
ער האָט זי מיט שרעק באַטראַכט און באַזען:
שמשון הגבורס – ר׳ יאָסעלעס פּאות.
און שפּיצן פון בערדל! ער האָט זיי דערקענט...
זיי האָבן די האָר אין דעם גרוב פאַרברענט.

זיי שטייען דאָך טרויעריק; עס פרעגט זי זיין בליק:
צי האָסטו פאַר דעם נישט פאַרהאַנדלט מיין גליק,
צי האָסטו נישט מ י ך פאַרקויפט דאָ אין זאַק ?!
א י ר ווערט אויך טרויעריק, עס ווילט זיך איר כליפּען.
זי האַלזט אים און קושט אים: „צי גלויבסטו נישט ציפּען,
איך האָב׳ן געוואָרפן אַרויס, דעם צבועק!“

---

כאָטש שפּעט – נאָר אין ציפּען דערוואַכט דאָס געוויסן,
עס קלעמט זי ביים האַרץ שוין אַצינד,
און פלוצים ווערט איר דאָס קול אָפּגעריסן,
פאַרשטעלט זיך דאָס פּנים געשווינד.

זי פאַלט אויף זיין אַקסל, זי הייבט זיך אָן שעמען,
— „געזינדיקט... איך ווייס עס אַליין..!“
און פיבערהאַפט ציטערן ליפּן און ברעמען,
צינד לאָזט זי אַרויס אַ געוויין!

„גבריאלטשע, ס׳טוט באַנק... אוי, גבריאלטשע, ס׳איז מיאוס“...
זי קלעמערט אים פעסטער אַרום.
„איך וועל איבערבעטן... אים וואַשן די פיס!“...
גבריאלטשע שטייט טרויעריק און שטום...

פאַרשוואונדן ר׳ יאָסל, מען ווייסט שוין כּסדר
אין שטעטל איגגאַנצן, ווי ס׳איז געשען:
„אליהו הנביא אין פויערשע קליידער
(עס האָט אים נישט איינער ביינאַכט נאָך געזען),

„איז פאַרטאָג געקומען און האָט אים גערופן,
גאָר ווייט פונם ישוב, וואָס האָט איר צו זאָרגן!...
אין אַ הייל זענען זיי ערגעץ פאַרבאָרגן,
זיי מאַכן אין מדבר צרופים״...

דעם יתום האָט מען דערווייל אָפּגענומען,
אַנדערע — וואַרטן און האָפן,
מ׳איז זיכער אין שטעטל, ר׳ יאָסל וועט קומען,
עס האָט זיך אַזוינס שוין געטראָפן!..

אַזוינס דאַרף צו דויערן אַ חודש לערך;
ר׳ יאָסלעס קעפּל איז פייער און פלאַם,
ער וועט זיך נישט זשאַלעווען קפיצת-הדרך,
און וואַרפן דעם גאַרטל אַריבער אַ ים!

דאָך יאָרן פאַרגייען, דער אַלקער שטייט לער,
אַלץ טרויעריק גבריאל, און ציפּע? ווער ווייסט?
אַמאָל בלייבט זי שטיין מיט די אויגן פאַרגלייסט,
און פון זיי קאַפּעט אַ טרער!

# פון ביאַליק

## 1

### זיי מיר גוט...

זיי מיר גוט!
זיי אַ מוטער, אַ שוועסטער מיר!
זעסט,
איך בין אַזוי עלנט און קום נאָך טרייסט צו דיר,
אין דער שווערסטער מינוט — —
מיין קאָפּ — די נעסט
פון פאַרשטויסענע תּפֿלות לאָז רוען אויף דיין שויס;
אַלע הימלען זענען פאַר זיי פאַרמאַכט —
און אין דער שטילער שעה, צווישן טאָג און נאַכט,
הער מיך אויס...

מען זאָגט: פאַראַן יוגנט אויף דער וועלט
און בליען בליט זי, ווי אַ רויז...
פאַראַן מן הסתּם!
נאָר וואו איז מיינע? צי האָט זי געטויט די קעלט,
צי פאַרברענט די פלאַם?
דאַכט זיך, גאָרנישט געווען...

אויך ליבע איז פאַראַן, אַזוי זאָגן לייט,
זאָג מיר, וואָס באַטייט
דאָס וואָרט, פאַר מיר אַ הוילער קלאַנג?
און דאָס מאַכט אַזוי באַנג, דאָס מאַכט אַזוי באַנג —
און וואָס איז פרייד?

אַזוי שטיל און צאַרט
האָבן שטערן אַמאָל געוואונקען צו מיר און – גענאַרט...
אַ חלום געווען... מען האָט׳ן פאַרטריבן,
און עס איז מיר אין לעבן גאָרנישט געבליבן,
און איך וועלק און איך פריר...
זיי מיר גוט, איך קום נאָך טרייסט צו דיר.–

2

## „משא נמירוב"

שטיי אויף!
מענטש, שטיי אויף און גיי,
און גיי צו דער שטאָט, וואו די שחיטה איז געווען,
וואו דאָס בלוט איז פאַרגאָסן געוואָרן!
מיט די אייגענע אויגן זאָלסט דו זען
און אָנטאַפּן מיט אייגענע הענט די צוימען,
די שטיינער, די ווענט
מיטן פאַרטריקענטן בלוט,
מיט די פאַרגליווערטע געהירן
פון די דערשלאָגענע –
צווישן חורבות ועסטו גיין,
צווישן איינגעבראָכענע מויערן,
צוזאַמענגעשטירצטע ווענט –
מיט לעכער,
ווי אָפענע וואונדען שוואַרצע — —
פון אונטער דיינע פיס פליען פעדערן און שמות...
טרעטסט אויף צעבראָכענע כלים,
אויף ספרים,
אויף פאַרמעט,
אויף שטיקער צעפלאַצט לעבן –
דו אַנטלויפסט –
צו ליכט און לופט אַנטלויפסטו!
דער הימל לאַכט אויס דיר,
די שטראַלן פון דער העלער זון שטעכן דיך,

די גלאַנצען פון צעבראָכענעם גלאָז , וואָס ליגט נאָך אויף
די גאַסן ,

לעסטערן דיך !
אַלץ אַרום – דער בליענדיקער בוים ,
דאָס פריש-אויסגעשפראָצטע גראָז ,
לאַכט אויס דיר . . .
וואָס פילסטו ? בליטן , אָדער בלוט ?

---

אין טאָג פון דער שחיטה האָט זיך דער פרילינג צעבליט !
דער שוחט האָט געשאָכטן , די זון האָט געשיינט
און באַשאָטן דעם שוחט מיט גאָלד !
דער טאָג האָט צו אים געלאַכט !
די בוימער האָבן געבליט !
דו אַנטלויפסט ,
ווילסט דיך באַהאַלטן אין אַ הויף ?
זע , זע , אָט אַ בערגל ,
אָט אַ בערגל מיסט ,
צוויי זענען געקעפט געוואָרן אויפן בערגל :
אַ ייד און זיין הונט – –
איין האַק האָט זיי געקעפט ,
דאָ , אויף איין מיסט האָט מען זיי געוואָרפן . . .
און אַז אונטערגעגאַנגען איז די זון ,
זענען חזירים געקומען
און ביידע געלעקט ,
און אונטער זייערע פיס
האָבן זיך ביידע געקאָלערט –
שאַ !
מאָרגן וועט גיין אַ רעגן
און וועט אָפּשווענקען דאָס בלוט –
עס וועט שוין נישט שרייען ,
נישט שרייען אַרויס פון מיסט ,
עס וועט פאַרלוירן ווערן ערגעץ אין תהום –

און אפשר אָנטרינקען אַ בוימל צו דער זעט —
און אַלץ וועט זיין ווי פריער,
אַלץ ווי פריער –
וואָס איז דען געשען? וואָס?

---

באַהאַלטסט זיך אויף אַ פינסטערן בוידעם?
פילסט די טויט-שרעק, וואָס שוועבט נאָך אַרום אין דער
פינסטער,
אין דער פינסטערער שטילקייט!
זעסט? פון אַלע לעכער, פון אַלע שפּאַלטן און ריצן,
קוקן אויגן אַרויס;
אויגן קוקן אויף דיר שטאַר און שטום,
דאָס קוקן די נשמות פון די „קדושים" —
די פאַרוואָגלטע, פאַרוויסטע נשמות — —
האַ-האַ-האַ!
זעסט, דאָרט, אין ווינקל האָבן זיי זיך צונויפגענומען,
צוזאַמענגעפרעסט, און געשוויגן;
דאָ האָט זיי דאָס אייזן געטראָפן,
דאָ זענען זיי געבליבן!
דאָ שטייען זיי נאָך און שעפּן,
און אָטעמען אין זיך אַריין
דעם גאַנצן טרויער פון זייער אומזיסטיקן טויט —
נישט טראַגיש,
קוים טרויעריק איז דער טויט —
הערסט? זיי פרעגן:
נאָך וואָס?
נאָך וואָס געלעבט, פאַרוואָס געשטאָרבן?
מיט שרעק און ציטערניש פרעגן זיי,
די קדושים:
און — אל ארך אפים, —
ער שווייגט!
שפּינוועבס אין די ווינקלען —

פרעג די שפינען,
וואָס דאָ איז געשען,
לעבעדיקע עדות!
זיי וועלן דיר פאַרציילן
פון געשפּאַלטענע טראַכטן מיט פעדערן געפילט –
נעגל און נאָז-לעכער, קעפּ און האַמער –
פון מענטשן געפּלעטע אין דער פינסטער, אָן צייט צו
קרעכצן,
פון קינדער, וואָס האָבן פריש בלוט געזויגן פון
געשפּאַלטענע ברוסטן,
פון אַ האַלב-קינדישן רוף: מאַ... און „מאַמע״ נישט
געענדיקט.
אַ מעסער האָט איבערגעשניטן דאָס וואָרט!
און נאָך... און נאָך...
מעשיות, וואָס וועלן דיר פאַרברענען דעם מוח –
די געהירן אויף אַש
און די נשמה טויטן,
אויף אייביק, אויף אייביק – –

---

רוף נישט! וועק נישט די טויטע,
אַנטלויף מיטן פאַרשטיקטן געשריי אין דער קעל,
מיט דער פאַרשרפטער טרער אין אויג –
אַנטלויף –
צוריק צו דער זון אין גאַס –
היי, עס בליט, עס שיינט, עס קלינגט!
קאָנסט עס נישט ליידן?
זוך דיר שטילע שאָטן אין קעלער!
קום אַראָפּ –
זעסט, דאָ אין די שאָטן,
צווישן די קילע שאָטן
זענען די צנועות,
דיין פאָלקס כשרע טעכטער – – –

פאַרשטייסט?
איינע אונטער זיבן, איינע אונטער זיבן!
דער מוטער אין די אויגן — די טאָכטער,
די מוטער אין דער טאָכטערס אויגן — געשענדט!
און פאַרן קוילן און נאָכן קוילן — —
טאַפּ אָן מיט די הענט די פאַרבלוטיקטע לאָקן,
די קישן —
דאָס בלוט מיט עפּעס אַנדערש צוזאַמען
פאַרגליווערט — —
זעסט? און דאָרט הינטער די פעסער —
הינטער די אָנגעוואָרפענע כּלים,
אין ווינקל דאָרט
זענען געלעגן,
אָן אָטעם געלעגן זענען דאָרט זייערע פּאָטערס,
זייערע מענער, ברידער און חתנים —
און האָבן מיט אָפענע אויגן דאָס אַלץ געזען —
ווי די לייבער האָבן געצאַפּלט
אונטערן גוי און אונטער זיין אייזן —
און געהערט מיט אָפענע אויערן
די געשרייען די פאַרשטיקטע, די איבערגעהאַקטע — —
אַ שטראַל בלוט — אַן אָפּגעהאַקט וואָרט —
שאַ — — —

---

פאַר שרעק פאַרגליווערטע, פאַרשטיינערטע הערצער...
און אויב איינס האָט נאָך געצאַפּלט,
האָט עס, פילייכט, נאָך געבעטן:
רבונו של עולם,
טו אַ נס,
זאָלן זיי מ י ך נישט זען,
פאַרבלענד זיי, זאָלן זיי מיך נישט זען!

---

מענער – פאָטערס – ברידער – חתנים . . .
און פון די מענער,
אויב וועלכן עס איז אַ נס געשען
און איז לעבן געבליבן,
איז מאַנכער,
ווען די שרעק איז אַריבער,
פון קעלער אַרויסגעקראָכן,
צו זיין גאָט, אין זיין גאָטס הויז אַריינגעלאָפן
און געדאַנקט פאַרן נס,
וואָס אים איז געשען!
און דערנאָך צום רב געלאָפן:
צי מעג ער מיט זיין ביילן נאָך לעבן?!

---

הער, אַרויס קריך!
קום,
קום צו די מיסטן,
צו די שטאַלן פון חזירים, קום,
צו די באַהעלטענישן פון דיינע ברידער
אין שחיטה-טאָג!
דיינע פאָלקס-קינדער,
חשמונאים,
בר-כוכבאס דיינע,
דיין הייליקן טאַטנס קינדער —
צוואַנציק אין אַ לאָך,
דרייסיק אין אַ הייל — — —
די, וואָס הייליקן מיין נאָמען!
די ווערים צעקראָכן,
ווי מייז זיך פאַרשטעקט —
און – ווי די הינט געשטאָרבן!
און צו-מאָרגנס איז אַרויס אַ זון
און דערזען דעם פאָטערס פגר אין מיסט —

וואָס פאַרשטעלסטו דיין פּנים, מענטש!
וואָס קריצסטו מיט די ציין?

---

גיי צום טאָל הינטער דער שטאָט,
אַ גאָרטן בליט דאָרט אין טאָל,
באַשיט פון דער גאָלדענער זון, ווי אַ כּלה —
בליט ער, דער גאָרטן...
און דאָרט איז פאַראַן, אין דעם גאָרטן, אַ הייל —
די בלוטיקע —
דאָרט זענען איינגעשלאָפן די מערדער,
נישט ווייט פון טייערע קרבנות ליגן זיי
שכּור און שלאָפן...
און אַרום די כּלים —
די רעדער מיט אויסגעזעצטע ספּריכן,
ווי מערדערישע פינגער צו עמיצנס האַלז —
מיט די נאָך בלוטיקע, שוואַרץ-בלוטיקע שפּיצן —
בלוט מיט געהירן!
און אַז דער טאָג וועט טרעטן אָפּ דעם אָוונט,
די זון וועט אין מערב-זייט אונטערגיין
מיט בלוטיקע וואָלקן געהילט און געשלייערט,
און פייעריק צעפלאַמט ——
דאַן גיי אַהין צום טאָל,
אין גאָרטן אַריין גיי —
זוך אָפּ די הייל...
און גנבע זיך שטיל אַריין...
טסס...
אַ שרעק שוועבט אין דער לופט...
אַ שרעק, אַ צאַפּלען, אַ גסיסה —
הוילע קרעכצן, הייזעריקע שרייען, פאַרשטיקטע רופן, —
דאָס אַלץ וואַלגערט זיך אַרום צווישן די כּלים,
און רירט די רעדער,
און דרייט זיי איבער,

און שלאָגן זיך אָן די שפּיצן,
אָן די העלצער,
און קומען אַרויס פון לעכער און שפּאַלטן —
אַרום — קרעכצן —
איבער דיין קאָפּ פאַרגליווערטע קרעכצן —
אַ שטומער צער שוועבט,
אַ שטומער וויי —
נאָך וואָס? פאַרוואָס?

---

יסורים שטומע פלאַטערן.
אַ שכינה, אַ שוואַרצע, אַ טויט-מידע,
אַ דערשלאָגענע
רוט איבער אַלעם —
און געפינט נישט קיין רו!
האַרץ-רייסנדיק! —
וויל וויינען און קאָן נישט
וויל שרייען און שווייגט,
אין אייגענעם טרויער דערשטיקט —
די כליגל איבער די הרוגים פאַרשפּרייט זי
און וויינט אָן אַ קול...
און אויפן בית עלמין גיי,
אויף די קדושימס קברים!
אַהין שלייך זיך אין דער שטיל,
זאָל קיינער דיין טריט נישט הערן,
זאָל קיינער דיך נישט זען...
פאַרדעק דיך פאַר חרפּה!
גיי און קוק אויף דיינע הייליקע!
וויינען וועסטו נישט איבער זיי...
צוגיין וועט וועלן דיין האַרץ;
איך וועל עס פאַרגליווערן אין דיר —
וועסט וועלן די ברעמען אַראָפּ אויף די אויגן לאָזן,
איך וועל זיי דיר אויפשטעלן, ווי נעגל!

שרייען וועסטו וועלן
ווי אַ שטיר, צום שחיטה־באַנק געבונדן,
ברילן...
איך וועל דיר דאָס קול דערשטיקן אין האַלז –
זעסט, ווי געשאָכטענע קעלבער ליגן זיי,
האָסט פאַר זיי קיין קלאָג,
קיין זיפץ –
— „פאַרגיבט מיר, הייליקע טויטע,
פאַרצייט מיר, איר אייביק פאַרשעמטע,
פאַר אייער אָרעם לעבן
פאַרן אָרעמען טויט,
העלפן קאָן איך נישט!
מאָרגן וועט איר קלאַפּן ביי מיר
און פאַרלאַנגען אייער לוין – –
איך האָב נישט!
אַ יורד בין איך,
אָרעם, אַזוי ווי איר!
אומזיסט זייט איר געפּייניקט
געוואָרן און געשטאָרבן,
ווי אומזיסט איר האָט געלעבט...
אַ רעטעניש נישט צום פאַרענטפערן
איז אייער טויט, ווי אייער לעבן
איז אַ רעטעניש!"
און אין וואָלקן הילט די שכינה איין
איר קאָפּ און וויינט,
פאַר שאַנד און שפּאָט וויינט זי!
— נאַכט אויף נאַכט וועל איך אין דער שטיל
אויף די קברים אַראָפּ
און וויינען אין דער שטיל
פאַר שאַנד!

און דו, מענטש!
דו, וואָס האָסט מיך געזוכט און געפונען
אין מיין אָרעמקייט, אין מיין טרויער,
גיי נישט צוריק מיט לערע הענט!
נעם ביי מיר,
אַ טייל פון מיין שטילן ווייטאָק נעם
און וואַרף עס אין דעם שויס פון די לעבעדיקע,
פון די נאָך געבליבענע — —
זיי זאָלן נישט פאַרגעסן!
און, גייענדיק צוריק,
רייס אויס אַ ביסל גראָז, —
— עס איז פרילינג,
עס בליט,
עס איז זאַפטיק דאָס גראָז —
רייס אויס אַ פולע האַנט
פון שפּראָציקן, זאַפטיקן, פרישן קברים־גראָז
און וואַרף הינטער דיר —
און זאָג:
גראָז איז מיין פאָלק,
אָפּגעריסן גראָז.
קאָן דאָס אָפּגעריסענע לעבן?

---

גיי!
גיי צו לעבעדיקע,
צו די נאָך געבליבענע,
אין גאָטס הויז אַריין גיי,
דאָרט זענען זיי פאַרזאַמלט —
זיי פאַסטן דאָרט און בעטן!
הערסט דעם יאָמער?
עס צעגייט נישט דיין האַרץ אין דיר?
שטעלן זיך דיר נישט די האָר קאַפּויר? —
דאָס געקלאָגעריי —

דו ציטערסט נישט ?
אַזוי קלאָגט אַן אָרעמע, דערשלאָגענע
דינסט פאַר אַ גראָשן,
וואָס זי פאַרלירט אין מאַרק...
אין זייערע הערצער,
אין זייערע דערשלאָגענע דינסטן-האַרץ אַריין קוק —
ווי לער איז דאָרט און וויסט !
קיין איינציק גרעזל האַס !
קיין קערנדל נקמה !
קיין פלוך אויף זייערע ליפּן !
זיי בּעטן !
קוק אין זייערע הערצער אַריין,
נישט אויף זייערע ליפּן — —
פאַלש איז יעדעס וואָרט !
איך זאָל זיי פאַרצייען,
איך זאָל פאַרגעבּן זייערע זינד !
זינדיקט אַ צעבּראָכענער שאַרבּן ?
זינדיקן ציטעריקע שאָטן אויף די ווענט ?
פאַרוואָס בּעטן זיי און שטורעמען נישט ?
וואָס הייבּן זיי קיין פויסטן נישט אויף ?
פאַרוואָס פאָדערן זיי נישט ?
פאַרוואָס רייסן זיי די הימלען נישט איין,
נישט דעם כּסא הכּבוד ?

---

און הער —
הייבּט אויף דער חזן זיין קול
און רופט :
„טו פאַר די געשאָכטענע,
פאַר קליינע קינדער טו,
פאַר זויגנדיקע קינדער״...
און נאָכשרייען וועט דער עולם
און ציטערן וועלן די זיילן אין הויז — —

אויף דיר וועל איך מיך דערבאַרמען!
דו וועסט נ י ש ט וויינען,
נישט וויינען מיט זיי – – –
און הייבט זיך אין דיר אַ געשריי אויף,
דערשטיק איך עס!
צווישן דיינע ציין דערשטיק איך עס!
דו זאָלסט דאָס אומגליק נישט פאַרשוועכן
נישט באַקלאָגט,
נישט באַוויינט זאָל עס בלייבן!
ק י י ן טרער!!
און די נישט-אויסגעוויינטע טרער
פאַרגליווערן זאָל זי אין דיין האַרץ
און ווערן צום שטיין!
אויף דעם שטיין וועל איך מיין פעסטונג בויען –
אייזערנע מויערן – קופערנע שפּיצן –
פאַר האַס, צאָרן און טויט
אַ הייליקטום!
אין דיין האַרץ וועט עס שטיין
און וואַקסן –
פון גיפטיקן בלוט גענערס
וועט עס וואַקסי –
אַ פעסטונג,
אַ הייליקטום,
אַ שלאַנגען-נעסט
פאַר גיפטיקן, צאָרניקן, גרימיקן טויט
פ אַ ר ד י י ן פ אָ ל ק!
און צו-מאָרגנס
זע, וואָס זיי טוען...
אויפן בית עלמין וועלן זיי מאָרגן גיין,
די דערשלאָגענע,
די איבערגעבליבענע,
די האַלב טויטע,

מיט די האַלב אויסגעפּאָכטע נשמות,
האַלב אויסגעפוילטע הערצער...
אויפן בית-עלמין גייען זיי,
מענער, ווייבער און קינדער גייען;
מיט טאָרבעס,
מיט קבצנישע טאָרבעס
אויף די געבויגענע אַקסל
גייען זיי...
און זע, מענטש, וואָס זיי טוען! —
צו די פרישע קברים גייען זיי,
צו די קדושים —
און עפענען די קברים אויף —
און צערייסן זייערע לייבער
מיט די תכריכים צוזאַמען,
אויף שטיקער, אויף שטיקער צערייסן זיי
און יעדערער כאַפּט אַ שטיק,
יעדערער אין טאָרבע אַריין אַ שטיק,
זיי וועלן בעטלען גיין
אין נאָמען פון די קדושים,
מיט זייערע פלייש און ביין, —
פון יריד צו יריד וועלן זיי גיין;
פון שטאָט צו שטאָט
און בעטלען:
זעט דאָס הייליקע פלייש, — רחמים!
די הייליקע ביינער זעט — רחמים!
יידן בני רחמנים,
רחמים, אַ גראָשן גיט!
און אַ לאָמער,
און אַ בלינדער,
און אַן אַלטער: אַ געבויגענער,
און מיט קרומע ביינער
שלעכט גענערטע קינדער

װעלן בעטלען מיטן פלייש
מיט די ביינער פון די קדושים
און לידער זינגען !
קבצנישע הונגער־לידער ,
איבער הייליקע ,
איבער אומגעקומענע על קדוש־השם – –
פאַר אַ גראָשן !
און אַ צינד געװוג , מענטש !
אַנטלויף !
לויף אין דער װיסטעניש אַריין
און שריי — —
אויף װינט , װאָס יאָגט אין דער מדבר ;
אויף זײנע פליגל זאָל ער כאַפּן דיין געשריי
און צעטראָגן אויף אַלע עקן פון דער װעלט ,
אָבער קיינער זאָל נישט װיסן . –

# פון איוב

## קאַפּיטל א

1. אַ מאַן איז געווען אין לאַנד עוץ; איוב – זיין נאָמען. און דער (מאַן – רעד.) איז געווען בראַוו, ערליך און אָפּגעווענדט פון בייז.

2. און געבוירן זענען אים געוואָרן זיבן זין און דריי טעכטער.

3. און זיין פּי איז געווען: זיבן טויזנט שאָף, דריי טויזנט קעמלען, פינף הונדערט פּאָר אָקסן און פינף הונדערט עזעלינען. און אַ גרויסעווירטשאַפט. און דער מאַן איז געווען דער גרעסטער פון אַלע לייט אין קדם.

4. גייען זיינע זין און מאַכן טרינק-מאָלן, יעדער ביי זיך אין הויז, אין זיין טאָג, און רופן צו זייערע דריי שוועסטער, זיי זאָלן עסן מיט זיי און טרינקען.

5. און אַז עס זענען אַריבערגעגאַנגען אַלע טרינק-מאָל-טעג, שיקט נאָך זיי איוב, הייליקט זיי, פעדערט זיך באַגינען און ברענגט בראַנד-אָפּער לויט דער צאָל פון אַלע. דען געטראַכט האָט איוב, פיליכט האָבן מיינע זין געזינדיקט, געלעסטערט דעם אַלמעכטיקן אין האַרץ... אַזוי פלעגט איוב שטענדיק טוען.

6. אײנמאָל, װען די יונג-אַלמעכטיקע זין שטעלן זיך פֿאַרן אײביקן, איז צװישן זײ אױך דער שטערער 1) געקומען.

7. האָט דער אײביקער געזאָגט צום שטערער: פֿון װאַנען קומסטו? ענטפֿערט דער שטערער דעם אײביקן און זאָגט: פֿון דורכשטרײפֿן די ערד און אַרומװאַנדערן איבער איר.

8. האָט דער אײביקער געזאָגט צום שטערער: האָסטו באַמערקט מײַן קנעכט איוב? נישטאָ נאָך אױף דער ערד אַזאַ בראַװער, ערליכער, גאָטספֿאָרכטיקער מאַן און אַזױ אָפּגעװוּענדט פֿון בײז.

9. ענטפֿערט דער שטערער דעם אײביקן און זאָגט: אומזיסט דען האָט איוב פֿאָרכט פֿאַר דער אַלמאַכט?

10. דו האָסט דאָך אַרומגעצױמט אים און זײַן הױז און אַרום אַלעם, װאָס אים געהער. װאָס זײַנע הענט טוען איז פֿון דיר געבענשט, און זײַן פֿי – איבער לאַנד צעשפּרײט.

11. שטרעק נור אָבער אױס דײַן האַנט און ריר אָן דאָס זײַניקע, צי װעט ער דיך נישט לעסטערן אין דײַן אָנגעזיכט?

12. האָט דער אײביקער צום שטערער געזאָגט: באַקומסט דו אין דײַן האַנט אַרײַן אַלץ, װאָס אים געהער. נור אים אַלײן ריר נישט מיט דײַן האַנט. איז דער שטערער אָפּגעגאַנגען פֿון אײביקנס אָנגעזיכט.

13. און אין אַ טאָג, װען זײַנע (איובס) זין האָבן געשפּײַזט און װײַן געטרונקען אין הױז פֿונם עלטסטן ברודער.
14. איז געקומען אַ באָט 2) צו איוב און האָט אים

---

1) דער שטן – רעד.
2) אַ שליח – רעד.

אָנגעזאָגט: די קינדער האָבן געאַקערט, און די עזעליען — געווײדט זיך בײ זײ אין דער זײט.

15. איז אָנגעפאַלן שבא און זײ פאַרכאַפּט, די דינער דערשלאָגן מיט דער שווערד, און נור איך אײנער בין אַנטרונען און געלאָפן אָנזאָגן דיר.

16. דער רעדט נאָך און אַ צווײטער קומט און זאָגט אָן: גאָטס אַ פײער איז אַראָפּ פון הימל, אונטערגעצונדן די שאָף און די קנעכט און אַלע פאַרברענט. איך אײנער בין אַנטרונען דיר אָנצוזאָגן.

17. רעדט נאָך דער און אַ דריטער קומט און זאָגט: כשדים, אין טײלן געטײלט, זענען באַפאַלן און פאַרנומען די קעמלען, די קנעכט מיט דער שווערד דערשלאָגן. איך אײנער בין אַנטרונען דיר אָנצוזאָגן.

18. רעדט נאָך דער און נאָך אײנער קומט און זאָגט: דײנע זין און דײנע טעכטער האָבן געשפּײזט און װײן געטרונקען אינם עלטסטן ברודערס הויז.

19. איז אַ װינט אַ שטאַרקער אָנגעקומען פון װיסטעניש, אָנגענומען אַלע פיר װינקלען פון הויז, און ס׳איז אײנגעפאַלן אויף די יונגען, אַלע געטויט, און איך אײנער נור בין אַנטרונען, דיר דאָס אָנצוזאָגן.

20. איז איוב אויפגעשטאַנען, אײנגעריסן זײן געוואַנט, געריסן די האָר און צו דער ערד געפאַלן און געבוקט זיך.

21. און געזאָגט האָט ער: נאַקעט בין איך פון מײן מוטערס לײב אַרויס, און נאַקעט װעל איך אויך צוריקגײן אַהין... דער אײביקער האָט געגעבן, דער אײביקער האָט גענומען. געבענטשט זאָל זײן דעם אײביקנס נאָמען!

22. בײ אַלעם דעם האָט איוב נישט געזינדיקט און דעם אַלמעכטיקן קײן טאַדל נישט געגעבן.

# קאַפּיטל ב

1. און עס איז געווען דער טאָג , און עס זענען געקומען די זין דעם אַלמעכטיקנס זיך צו שטעלן פאַרן אייביקן . איז געקומען צווישן זיי אויך דער שטערער און געשטעלט זיך פאַרן אייביקן .

2. און געזאָגט האָט דער אייביקער צום שטערער : פון וואַנען קומסטו ? און דער שטערער ענטפערט דעם אייביקן און זאָגט : פון שוועבן איבער דער ערד און וואַנדערן אויף איר .

3. און דער אייביקער זאָגט צום שטערער : האָסטו באַטראַכט מיין קנעכט איוב ? עס איז נישטאָ נאָך אויף דער ערד אַזאַ בראַווער , ערליכער און גאָטספאָרכטיקער מאַן און אן אפגעווענדטער פון בייז , און ער האַלט זיך נאָך אַזוי בראַוו , און דו האָסט מיך אומזיסט אָנגערעדט איך זאָל אים פאַרדערבן .

4. און דער שטערער ענטפערט דעם אייביקן און זאָגט : הויט פאַר הויט ! וואָס אַ מענש האָט גיט ער אָפּ פאַר זיין לעבן !

5. אָבער שטרעק אויס דיין האַנט , ריר אָן זיין ביין און זיין פלייש , אויב ער וועט דיך אין דיין אָנגעזיכט נישט לעסטערן !

6. און דער אייביקער האָט דעם שטערער געזאָגט : איז ער אין דיין האַנט , נור זיין לעבן היט !

7. איז דער שטערער אַוועק פון אייביקנס אָנגעזיכט און האָט געפּלאָגט איובן מיט אַ בייזן גרינד פון פוסבאַלן ביזן שפּיץ פון קאָפּ .

8. און דער נעמט אַ שאַרבן דערמיט זיך צו קראַצן און זעצט זיך אין אַש אַריין .

9. און עס זאָגט צו איִם זיין פרוי: האַלטסט דיך נאָך אָן דיין בראַווקייט? לעסטער דעם אייבּיקן און שטאַרב!

10. און ער האָט געזאָגט צו איר: ווי איינער פון די נידריקע רעדסטו. דאָס גוטע זאָלן מיר פון מעכטיקן נעמען און דאָס שלעכטע נישט! און איוב פאַרזינדיקט זיך נישט מיט זיינע ליפּן.

11. האָבּן געהערט דריי פריינד איובּס וועגן דעם גרויסן אומגליק, וואָס איִם האָט געטראָפן, און זיי זענען געקומען, יעדערער פון זיין אָרט: אליפז פון תימן, בלדד פון שוח און ציפר פון נעמה, און האָבּן זיך אָפּגעשטעלט צוזאַמען צו איִם צו קומען און צו טרייסטן.

12. האָבּן זיי פון ווייטן די אויגן אויפגעהויבּן און האָבּן איִם נישט דערקענט. און זיי האָבּן אויפגעהויבּן זייערע שטימען און האָבּן זיך צעוויינט, רייסט יעדערער איין זיין געוואַנד און האָבּן געוואָרפן איבּער די קעפּ אַש קעגן הימל.

13. און זיי זענען געזעסן מיט איִם אויף דער ערד זיבּן טעג און זיבּן נעכט און נישט גערעדט צו איִם קיין וואָרט. זיי האָבּן געזען, אַז דער ווייטאָג איז צו גרויס

## קאַפּיטל ג

1. דאַן האָט איובּ געעפנט זיין מויל און געשאָלטן זיין טאָג.

2. און ער האָט אויסגערופן און געזאָגט:

3. פאַרלוירן זאָל ווערן דער טאָג, וואָס איך האָבּ געדאַרפט געבּוירן ווערן אין איִם, און די נאַכט, וואָס האָט אָנגעזאָגט: באַפרוכט האָט אַ מאַן!

4. יענער טאָג זאָל זיין פינסטערניש, דער מעכטיקער פון דער הייך זאָל אויף אים נישט פרעגן, און נישט אויפשיינען זאָל אים אַ ליכטיקער גלאַנץ.

5. איינגאָרען זאָלן אים פינסטערניש און טויטע שאָטן, איבערהילן זאָל אים אַ וואָלקן, שרעקן זאָלן אים די טאָג פאַרשוואַרצער.

6. און יענע נאַכט-פינסטערניש זאָל זי פאַרנעמען, נישט באַהעפטיקט מיט די טעג פון יאָר, אין דער צאָל פון מאָנאַטן נישט אַריינקומען.

7. זאָל יענע נאַכט זיין פאַראיינזאַמט, עס זאָל זיך אין איר קיין געזאַנג נישט הערן.

8. פאַרשעלטן זאָלן זי די, וואָס פלוכן דעם טאָג, וואָס זענען גרייט דעם לויתן 1) צו וועקן!

9. פאַרפינסטערט זאָלן ווערן אירע אָוונטשטערן, האָפן זאָל זי אויף ליכט און עס זאָל נישט זיין. זי זאָל די ברעמען פון מאָרגנשטערן נישט זען.

10. ווייל נישט פאַרשלאָסן האָט זי די טירן פון מיין טראַכט, וואָס וואָלט דאָס אומגליק פאַר מיינע אויגן פאַרבאָרגן.

11. פאַרוואָס האָב איך נישט געזאָלט פון טראַכט אַרויס – שטאַרבן, פון לייב אַרויס — און אויסגעגאַנגען?

12. צו וואָס האָבן מיך אויפגענומען קניען, די בריסט – איך זאָל זויגן?

13. איך וואָלט דאָך איצט געלעגן און שטילקייט געהאַט; געשלאָפן און געהאַט רו.

---

1) די ערד שטייט אויף אַ פאַרשלאָפענעם וואַלפיש; אויפגעוועקט וועט ער זיך אַ ריר טון און איבערקערן די וועלט. – י. ל. פּ.

14. גלייך מיט קעניגן און ראָטן פון לאַנד, וואָס בויען זיך רואינען. (1

15. אָדער מיט הערן גאָלדבאַזיצער, וואָס פילן זייערע הייזער מיט זילבער.

16. אָדער וואָלט איך ווי אַ פאַרבאָרגענער אַבאָרט צו נישט געוואָרן, גלייך די קליינע, וואָס האָבן קיין ליכט נישט געזען!

1) ווארשיינליך די פאָרם פון הייזער אויף גאָכן טויט. — י. ל. פ.

## אַ מוטער־לידער.

1

קוק איך מײן קינדעלע־קלײן
אין ד'אויגן אַרײן,
מײן איך, די גאַנצע װעלט איז מײן!
װען איך דײנע בעקעלעך קיש,
װער איך געזונט און פריש, —
פריש און געזונט זאָלסטו מיר זײן!

2

יעדער מוטער ליבּט איר קינד,
אַז עס איז דאָס בעסטע;
איך האָב אַ קינד און ליב עס נישט,
און ווײס: עס איז דאָס בעסטע!

יעדע מוטער ליבּט איר קינד,
אַז עס איז דאָס שענסטע;
איך האָב אַ קינד און ליב עס נישט,
און ווײס, עס איז דאָס שענסטע!

יעדע מאַמע ליבּט איר קינד
און אומזיסט דאָס ליבּן;
מען שאָקלט מיטן קאָפּ נאָר צו, —
קײנער וועט נישט גלויבּן!

איך האָב דאָס שענסטע, בּעסטע קינד
און טו עס גאָר נישט ליבּן,
כאָטש ווער אויגן האָט, דער זעט,
און בּאַדאַרף נישט גלויבּן!

—

# צו די פיסלעך.

(ביים אָנטאָן שיך־און־זעקלעך).

— קינדיסימלעך, גוט מאָרגן אײַך!
ווי הייסט איר דען, ווי רופט מען אײַך?
— איך, דאָס רעכטע — לויפערמאַן!
— איך, דאָס לינקע — שפּרינגערמאַן!
— לויפערמאַן, וואָס לויפסטו נישט?
האָט דער שלאָף דיך נישט דערפרישט?
— אוי, איך בין געזונט און פריש, —
באָרוועס לויפן וויל איך נישט!
— הוש, הוש! קינדעס־קליין
אין זעקל אַריין!
פאַר דיר אַ זעקל אויך פאַרהאַן, —
הוש אַריין, דו שפּרינגערמאַן!
— וואָס פעלט אײַך נאָך, וואָס רוט איר נאָך?
— שיכעלעך, שיכעלעך ווילן מיר נאָך!
— אָט שיכעלעך און צוגעשנירט,
צונד, קינדיסים, רירט אײַך, רירט!
צונם וואַסער, צו דער שיסל, —
איז דאָס לאָבוסלעך אַ ביסל!

4

## אויפהייבנדיק דאָס
## געפאַלענע קינד.

עס איז אַ מאַן אַריין אין וואַסער
און אַרויס איז ער אַ נאַסער!
כ׳נעם פון וואַסער דיך אַרויס
און טריקן דיר די אייג׳לעך אויס.
מיט אַ טיכל אויסגעווישט, —
מיט קיין הענטל רירט מען נישט!

5

## ברייטעלע.

ברייטעלע, ברייטעלע=קליין!
ברייטעלע מוז קיילעכדיק זיין!
און יעצט שנעל, אין אויוון אריין!

גענוג אין אייוועלע געזעסן, —
האַם=האַם! אויפגעגעסן!

6

דער הימל טריפט,
זונעלע שיינט, —
ס'כלה=מיידל
לאַכט און וויינט!

7

לערנענדיק גיין.

ענטעלע, ענטעלע, ענטעלע!
פאַרוואָס גייסטו נישט גראַד?
און דאָס ענטל, ענטל זאָגט:
ווייל איך בין נישט קיין סאָלדאַט!
כ'בין אַן ענטל, כ'בין אַן ענטל
און גיי מיר ווי די באָבע יענטל
אַהער — אַהין געוואַקלט זיך
אין די שיינע רויטע שיך!

---

8

מיטן קינד טאַנצנדיק

טאַנץ, מיידעלע, טאַנץ
אינם בלומען=קראַנץ!
ועסט, דער הימל
לאַכט מיט טרערן, —
וועסט געשווינד
אַ כלה ווערן!
טאַנץ, מיידעלע, טאַנץ
אינם בלומען=קראַנץ!

9

(דאָס זעלבע).

קלעזמערל, שפּיל, קלעזמערל, שפּיל!
טאַנצן וויל מיין מיידעלע!
אינם גרינעם קליידעלע אַ
טאַנצט עס מיט געפיל, —
שפּיל, קלעזמערל, שפּיל!

# ק ע ל ב ע ל ע.

אַ קעלבעלע פאַרמאָג איך — מע=מע! מע=מע!
ס׳קעלבל אויף די אַקסל טראָג איך—מע=מע=מע!
צום מאַרק דערמיט טו איך לויפן,
כ׳וויל דאָס קעלבעלע פאַרקויפן,
קעלבעלע=שוועלבעלע — מע=מע=מע!

קונים, זיך צוזאַמענלויפט! מע=מע! מע=מע!
ס׳ווערט אַ קעלבעלע פאַרקויפט! מע=מע=מע!
איך פאַרקויף עס גאָר נישט טייער,
פאַר אַ דרייער, פאַר אַ צווייער!
קעלבעלע=שוועלבעלע — מע=מע=מע!

קונה, קונה, כאַפּ און קויף! מע=מע, מע=מע!
קונה וויל שוין; איך אַנטלויף! מע=מע=מע!
איך פאַרקויף פאַר קיין געלט,
ס׳קעלבל איז מיין גאַנצע וועלט!
דאָס קעלבעלע, דאָס שוועלבעלע
מע=מע=מע!

11

## קיכלעך באַקן.

איך באַק, איך באַק, איך באַק!
געװוּמען מעל פֿון זאַק!
דו הינדעלע, אַן איי דערלאַנג!
דען דער אויוון ברענט שוין לאַנג!
געשווינד, הינדעלע, געשווינד, —
איך באַק אַ קיכעלע מיין קינד!

12

## דריי ווייסע גענז
## און דאָס שוחטל.

דריי גענז ווייסע, העלע
זיצן אין האָבער=שטרוי;
געהייסן האָבן זיי אַזוי:
איינע — געלע,
די צווייטע — גרינע,
די דריטע — גענענדל.
די שוחטקע — דעם מאַן נאָך וואַסער שיקט,
גייט ער פֿאַרביי מיטן קענדל,
און — דריי ווייסע פֿלעקן דערבליקט.

יאַנקעלע רייט; יאַנקעלע פאָרט,
יאַנקעלע שליטלט זיך.

13

רייט צום פרישטיק.

דער גענעראַל בום=בום=בום
טוט נישט מער, נאָר רייט אַרום!
מוז אים מיידן אויס איעדער,
ווייל דאָס פערדל איז פון לעדער
און פון פימסנהאָלץ די שפּאָרן!
און מען ציטערט פאַר זיין צאָרן
און אַט רייט ער צו צום טיש,
איך געשווינד די קאַווע מיש,
טרינק געזונטערהייט און פריש!

14

אויסן שטעקן.

נעמט יאַנקעלע זיין שטעקעלע
און — אַ לאָז זיך צו דער טיר!
און די מאַמע: וויי צו מיר,
דו פאַרלאָזט מיך, יאַנקעלע?!

— יאָ, יאָ, מאַמעשי, איך פאַר
גענוג שוין אינדערהיים געזעסן,
נאָר געטרונקען און געגעסן, —
כ'בין שוין באַלד דאָס פינפטע יאָר!

עס איז שוין צייט די וועלט צו זען!
פעלד און וואַלד, טייך און באַרג!
געזונט זיי, מאַמעשי, און שטאַרק!
און די מאַמע: — וויי געשען!

יאַנקעלע, וואו לאָזטו מיך?
אָן דיר וועט מיר זיין צו שווער!
— מאַמעשי, איך קען נישט מער,
און ביים טאַטן לאָז איך דיך!

ער וועט פאַרטרעטן מיך ביי דיר,
נישקשה, ביסט ביין אים געשעצט!
און אויפן שטאָק זיך אויפגעזעצט
און — אַ ריט אַרויס פון טיר!

———

### אין שליטן, צו די עסקימאָסן.

מאַמע, מאַמע, זײַ געזונט!
איך שליטל זיך אַוועק!
וואו די וועלט נאָר האָט אַן עק, —
צו די עסקימאָסן!

— און וואָס וועסטו דאָרטן טאָן?
— איי, וואָס דאָרטן טאָן איך וועל?
איך וועל קליידן זיך אין פעל,
טראָגן וואַסער=שטיוול!

— אָבער, קינד מיינס, דאָרט איז קאַלט!
דאָרט איז אייביק שניי און אייז!
— שאַט נישט, מאַמעשי איך ווייס!
איך מאַך אַ שטיבל מיר פון שניי!

— עס איז פינסטער אָן אַ פענסטער!
איך שים אַ וואַלפיש מיט אַ פייל,
און נעם ביין איר צו לעמפּל אייל,
טאָג און נאַכט דאָס לעמפּל ברענט!

— וואָס ווּעסטו טאָן אַ גאַנצן טאָג?
— אַרבעט איז גענוג פאַרהאַן.
איך כאַפּ אַ רענטיר, און איך שפּאַן
אין שליטל אײַן און יאָג!

16

## אויפן פערדל פאַרן שלאָף.

— פערדעלע, שפּאַן! פערדעלע שפּאַן!
רײַטן וויל — מײַן רײַטערמאַן!
גערימן און — געבליבן שטײן,
ס'פערדל וויל נישט ווײַטער גײן!

— וואָס האָסטו, פערדעלע, דערזען,
וואָס דו ווילסט נישט ווײַטער גײן?
— אַ וואַסערל! איך וויל אַ טרונק!
פאָיע איך אָן דאָס פערדל פלינק!

ווײַטער, ווײַטער, ווײַטער רײַט!
גערימן אָפּ אַ היפּשע צײַט,
גערימן און — געבליבן שטײן, —
ס'פערדל וויל נישט ווײַטער גײן!

וואָס האָסטו, פערדעלע, דערועז,
וואָס דו ווילסט נישט ווייטער גיין?
— אוי, אַ לאָנקע צופט אין נעזל;
כאַפּ אַ גרעזל, צופּ אַ גרעזל!

אָפּגעגעסן? ווייטער רייט!
געריטן אָפּ אַ היפּשע צייט!
געריטן און געבליבן שטיין, —
ס'פערדל וויל נישט ווייטער גיין!

— וואָס האָסטו, פערדעלע, דערועז,
וואָס דו ווילסט נישט ווייטער גיין?
— אַ שלאָגבאַן! אַ שלאָגבאַן!
אין בעט אַריין, דו רייטערמאַן!

17

## דאָס הענטל.

(די פינגער איבערקלײבנדיק.)

ס׳קלענסטע ברידערל זאָגט אין דער שטיל:  
איך, קליין ברידערל, פלײמאַלעך וויל!  
דאָס צווייטע זאָגט: איך ווייס שוין לאַנג,  
די מאַמע פלוימען האַלט אין דער גרויסער שאַנק,  
וואָס קומט אַרויס? דאָס דריטע ברידערל טראַכט:  
שטענדיק איז די גרויסע שאַנק פאַרמאַכט!  
דאָס פערטע זאָגט: אויפגעהויבן זיך אַ ביסל,  
אויף דער וואַנט דאָרט הענגט דער שליסל!  
דאָס פינפטע שרעקט זיך: לאָזט געמאַך,  
אַליין צו נעמען אַ מיאוסע זאַך!  
עס איז אַ חרפה און אַ שאַנד!  
שטעלט זיך אָפּ די גאַנצע האַנט!

---

## דער רייטערמאַן.

עס רייט, עס רייט אַ רייטערמאַן
אין שנעלן גאַלאָפּ!
האָפּ=האָפּ=האָפּ!
רייט ער צו, דער רייטערמאַן,
רייט ער צו צו אונזער הויז;
די מאַמע שטייט און קוקט אַרויס.

שטעלט זיך אָפּ דער רייטערמאַן!
— ליבע פרוי,
זאָגט געניי,
קינדער, וואָס וואָעוען זענען פאַרהאַן?
קינדער וואָס שלאָפן רואיק נישט אַיין
כאַפּ איך מיט מיר אין זעקל אַריין!

די מאַמע זאָגט צום רייטערמאַן:
רייטערמאַן,
ווייטער שפּאַן!
דאָ זענען נאָר שטילע קינדער פאַרהאַן!
זיי האָרכן מיך און גייען אַליין
אין בעט אַריין, און שלאָפן אַיין!

## קוקו.

קוקו, קוקו! זאָג געשווינד,
ווען גענעזן וועט מיין קינד?
קוקו, זאָג! קוקו, זאָג!
„קוקו, קוקו, קוקו!"
דאָס הייסט: צום דריטן טאָג!

קוקו, נאָך=וויפֿל לאָז מיר הערן?
ווען עס וועט אַ חתן/כלה ווערן:
קוקו, קוקו, קוקו, קוקו...
קוקו, ציש!
לענגער וואַרטן קען איך ניש!

און ווי לאַנג מיר לעבט מיין קינד?
נאָך דאָס איינע זאָג געשווינד!
קוקו, קוקו, קוקו, קוקו, קוקו...
קוקו=קוקו — הער נישט אויף,
זאָל עס לעבן אָן אַ סוף!

## ב. שלאָף־און וויגן־לידער.

20

אוי, אוי, אוי! וועמען איך דערשפּיר?
ווער ליגט עס דאָ אין בעט בײַ מיר?
אײַ, דאָס ליגט מײַן קינדעלע קליין,
גראָבט מיר אין האַרץ דאָס קעפּעלע אײַן,
בין איך געווים, אַז שטיל און פֿײַן
מײַן זיס קינדעלע שלאָפֿן וועט
בײַ דעם מוטערל אין בעט!

21

דרײַ ווײַבער זיצן אײַנגעבויקט:
אײנע פֿעדערן פּליקט,
די צווייטע זאָקן שטריקט,
די דריטע — אַ וויגעלע וויגט:
אַ... אַ... אַ...

22

שטייט אַ ביימעלע אין פעלד,  
האָט עס גרינע צווייגעלעך...  
שטייט דערויף אַ פייגעלע,  
מאַכט עס צו די אייגעלעך!

אויף די גרינע צווייגעלעך  
וואַקסט אַ גאָלדן עפּעלע!  
מאַכט צו מיין קינד, די אייגעלעך —  
אַ ברכה אויף זיין קעפּעלע!

23

אויף די גרינע צווייגעלעך  
שלאָפן אַיין די פייגעלעך...  
די מאַמע זינגט זיי: אַ, אַ...  
עס איז אַ שטילע נאַכט אַזאַ!

---

# אליהו הנביא.

אליהו הנביא איז אַ גוטער, אַיי אַ גוטער
איינמאָל קומט ער אין אַ שטוב אַריין,
בעט מען זיצן.
— זיצט, ר׳ אליהו הנביא, זיצט אַ ווײַלע.
גלעט ער זיך דאָס ווײַסע בערדל:
— טאַקע נאָר אויף אַ ווײַלע, כ׳האָב גאָר=
נישט קיין צײַט... נאָר אָפּצושטעמען.
— וואָס טראָגט איר עס אויף די פּלײַ=
צעס? ר׳ אליה=נביא?
— איר זעט דען נישט, אַ זעקעלע?
— וואָס טראָגט איר אינם זעקעלע?
שווערע זאַכן? אײַזן, קופּער?
— ניין, ניין! לײַכטע זאַכן, גוטע זאַכן:
ראָזשינקעלעך, מאַנדעלעך און פײַגעלעך=זיסע!
— איר האַנדלט דערמיט, ר׳ אליהו?
— חס ושלום, איך האַנדל נישט. דאָס
טראָג איך מתּנות פאַר גוטע קינדערלעך, וואָס
וואָשעון נישט צו פיל, עסן צו דער צײַט,
גייען שלאָפן צו דער צײַט, און לאָזן זיך אָפּ=

וואַשן פאַרן שלאָף... גיי איך פון שטוב צו שטוב, דעם — אַ ביסעלע, יענעם אַ ביסעלע!

— און אינם גאַרטל וואָס האָט איר אַריינגעשטעקט.

שמייכלט ער מיט די טויבענע אייגעלעך:

— אַריטעלע! איר וועט דען ניט?

אַריטעלע צום שמייסן...

— וועמען צו שמייסן, ר' אליהו?

— קינדערלעך וואָס האָרכן נישט, וואָס עסן נישט צו דער צייט, וואָס גייען נישט שלאָפן צו דער צייט, וואָס ווילן נישט רואיק ליגן אין בעטעלע, וואָס וויינען... און דער עיקר — וואָס האָבן אַ נאַרישע מורא פאַר קאַלט וואַסער און לאָזן זיך נישט אָפּוואַשן פאַרן שלאָפן-גיין.

— שמייסט איר זיי?

גלעט ער זיך דאָס ווייסע בערדעלע מיטן קליינעם הענטעלע.

— אי, שמייכלט ער אויפן גאַנצן פּנימל — אַזוי געשווינד? מען זאָגט איינמאָל, צווייטמאָל, דריי מאָל...

— און אַז מען פאָלגט נישט?

זאָגט מען דאָס פּערטע, דאָס פינפטע
מאָל. ביז אַ ייִנגעלע אָדער אַ מיידעלע שלאָפט
איין... אַמאָל—זיפצט אָפּ ר׳ אליה — מוז מען
געבן אַ שמיצעלע אויך. נישט ווי צו טאָן,
נאָר גלאַט אַזוי, צום פאַרשעמען...
— אָבער געוויינלעך—שמייכלט ער ווי=
דער—שלאָפט מען איין... הייִנטיקע קינדערלעך—
פיינע קינדערלעך.

25

שלאָף, מיין קינדעלע, שלאָף!
דער פּאַסטעך פירט אַהיים די שאָף!
ער האָט די שאָף אַהיים געבראַכט
און דאָס שטעלעכל פאַרמאַכט...

נאָך אַ ביסל וואַלץ געלעקט,
נאָך אַ בנבל שטיל געבלעקט...
לאַמטערל וואַרפט אַ שטילן שיין,
און די שעפעלעך דרימלען איין,

פון אַ גאַנצן טאָג שוין מיד!
דו, אין דרויסן, הינטל, היט!
הינטל היט, נאָר דו נישט בּיל!
איך, שעפעלע, שוין שלאָפן וויל!

קעצעלע, שטיל!
מייזעלע, שטיל!
מיין אוצרל
שוין שלאָפֿן וויל!

קעלבעלע, קעלבעלע,
נישט געמעק'ט,
און מיין אוצרל
נישט געוועקט!

וואָעווע נישט,
דו, ווינטעלע!
שטילער, שטילער,
הינטעלע!

אין מויל פֿאַרבײַם
דאָס צינגעלע, —
שלאָפֿן וויל
מיין ייִנגעלע!

---

27

אויף די גרינע צווייגעלעך
שלאָפן זאָלט איר, פייגעלעך!
אין וואַסערל — די פישעלעך —
אויף די גרינע קישעלעך!
האַלט רעם אָטעם אײַן, דו ווינד!
אײַ־ליו־ליו־ליו! שלאָף, מײַן קינד!

28

צוגעדעקט די פיסעלעך,
כ׳ברענג דיר מאָרגן ניסעלעך,
פרישע ניסעלעך פון וואַלד,
זאָל מײַן קינד נאָר שלאָפן באַלד!
דרימלט אײַן מײַן קינדל פעסט,
קומען באַלד די ליבע געסט...
קומען, קומען אָנגעפלויגן
מלאָכים׳לעך מיט זיסע אויגן;
די פליגעלעך פון לויטער גאָלד;
זיי האָבן שטילע קינדער האָלד!
און זיי קומען זיי באַהיטן,
צו באַהיטן און באַשיטן

מיט חלומות שטילע, פיינע,
ווי עס פאַסט פאַר קינדער קליינע...
מאַך נאָר צו די אייגעלעך,
זיי פליען אָן, ווי פייגעלעך!
הערסט, מיין קינד, הערסט, מיין קרוין?
די פליגעלעך זיי רוישן שוין...
זיי פליען אָן ווי פייגעלעך,
מאַך נאָר צו די אייגעלעך...
שנעל די אייגעלעך פאַרמאַכט,
האָב אַ גוטע, זיסע נאַכט!

29

אַ פיינער דופט פון גערטל ציט,
עס שטייט אַ רויטער מאָן, צעבליט!
אונטער דער שויב — אַ רויטע פאָן!
עס קוקט אַריין דער רויטער מאָן!
שנעל דיך קינד מיינס צוגעדעקט,
קיין פיסעלע אַרויסגעשטרעקט!...
עס איז קיל, און ס'איז שוין שפעט,
און ווען דער רויטער מאָן דערזעט?
אַ נאַקעט פיסעלע ביינאַכט?
דער רויטער מאָן וואָלט רויט געלאַכט..

מען וואָלט דערהערט אין טויבנשלאַק!
און די טויב — אַ פלויִדערזאַק!
מאָרגן פרי די טויב זיך איילט,
און אַלע פייגעלעך פאַרצייילט!
מען קען דאָך נישט אַזוינס פאַרשווייגן:
ציפ=ציפ=ציפ! אויף אַלע צווייגן.
אַ נאַקעטע פיסל, אפשר צוויי?
איי=איי=איי! איי=איי=איי!

30

ס'נעסטל ווייך אויסגעבעט,
די שנעבעלעך שוין אָפּגעגלעט,
שטיל, די אייגעלעך — פאַרמאַכט!
פייגעלעך, אַ גוטע נאַכט!

דאָס קעלבעלע און שטעלעכל
נורעט איין דאָס פעלעכל
אינם שטרוי, ס'זאָל וואַרים זיין,
שלאָפט עס איין, שלאָפט עס איין!

ס'ליגט דאָס הינטל שטיל איז בויד,
און דאָס העזל אינם קרויט,

אין שטאַל ביים קליינעם פערדעלע —
ס׳ציגל מיטן בערדעלע!

אויך די קאַץ, שוין אָפּגעלעקט,
אויפן אויוון — אויסגעשטרעקט,
אינם קוימען ליינט די גריל
זיך די קריאת=שמע אין דער שטיל...

קיין געטימל, קיין געווימל,
די לבנה שווימט אין הימל!
שטערנדלעך — זיי רוקן זיך,
זיי זעען דיך און בענטשן דיך!

שוועבן מלאָכים אויף און אָפּ,
שיקן דיר זיסע חלומות אַראָפּ.
שלאָף=זשע איין, שלאָף, מיין קינד!
מאַך די אייגלעך צו געשווינד!

31

אויפן גרינעם בערגעלע
וואַקסט אַ יונג ביימעלע
וויל דאָס ביימעלע נישט שלאָפן!

די לבנה טוט עס שטראָפן:
צייט צו דרעמלען, ביימעלע
אויפן גרינעם בערגעלע!

אַזוי זאָגן אויך די שטערן,
נאָר דאָס ביימל וויל נישט הערן!
וויל נישט מאַכן צו די אויגן!

איז אַ ווינטל צוגעפלויגן:
ביימל, ביימל רואיק זיין!
און שאָקלט עס און וויגט עס איין!

וויגט אַהער, וויגט אַהין
שלאָפן מוז אַ ביימל גרין!

דרימלט איין דאָס ביימעלע
אויפן גרינעם בערגעלע;
אויפן גרינעם בערגעלע
דרימלט איין דאָס ביימעלע!

32

שטייט אַ בערנבוים אין סאָד,
טראָגט ער באַרן — גאָטס גענאָר!

לויפֿן קינד און קייט אַהין,
נאָר די בּאַרן ווענען גרין!
ווער ס׳וויל בּאַרן,
דער מוז האַרן!
ווערט קיין ביימל איבּערשפּאַרן!

און דאָס בּאַרנבּיימל זאָגט:
שלאָפֿן גייט אייך בּיז עס טאָגט!
דען איר האָט נישט, וואָס צו זאָרגן,
כ׳מאַך זיי רויט און זאַפטיק מאָרגן!
ווער ס׳וויל בּאַרן,
דער מוז האַרן, —
ס׳ווערט דאָס ביימל נישט גענאַרן!

אוי, מיין קינד האָט בּאַרן האָלט,
מאָרגן — בּאַרעלעך ווי גאָלד!
הער־ושע וואָס דאָס ביימל זאָגט,
רואיק שלאָף דיר בּיז עס טאָגט!
ווער ס׳וויל בּאַרן,
דער מוז האַרן, —
ווערט קיין ביימל איבּערשפּאַרן!

---

ליגט אַ העזעלע אין קרויט,
העזל קיינעם נישט געטרויט;
שלאָפט, קיין אויג נישט צוגעמאַכט, —
יעגער נאָך זיין לעבן טראַכט!

יעגער שטיל אין פעלד זיך שלייכט
ביז ער האָט דאָס קרויט דערגרייכט.
פיף=פאַף! נישט געטראָפן!
לאַנג דאָס העזל שוין אַנטלאָפן!

ס׳האָט דערשמעקט אים מיטן נעזל,
ערגעץ אַנדערש שלאָפט דאָס העזל,
שלאָפט, קיין אויג נישט צוגעמאַכט.
העזעלע, אַ גוטע נאַכט!

יעגערל נישט שיסן וויל,
אָפּגעגאַנגען אין דער שטיל!
נאָך דיין לעבן מער נישט טראַכט,
אַ גוטע נאַכט! אַ גוטע נאַכט!

34

## ווינטער-צייט.

שלאָף, מיין קינד, עס איז שוין שפּעט!
ווינטערמאַן אין דרויסן טרעט!

אין ווייסן מאַנטל טרעט דער גרייז,
פאַרבט אונז אַלע דעכער ווייס!

אויפן פּייש געווייסטן דאַך
שטייען קראָען גאָר אַ סך!

ליינען קריאת-שמע: קראַ-קראַ-קראַ...
און איינגעשלאָפן אַלע, שאַ!

35

וואַרים איז דיר, שלאָף, מיין קינד!
אין דרויסן שאַלט אַ שטורים-ווינט;
ווייסטו, קינד מיינס, וואָס ער שאַלט?
עס איז קאַלט, אין דרויסן קאַלט!
ווינטערמאַן קומט שוין באַלד!

מיט די בלאָע הענט און פיס,
נ׳ווייסן מאַנטל שפּאַנט דער ריז.
ברעמען—ווייס, אויגן—ווייס
און די באָרד איז צאַפּן=אייז, —
אַזוי שפּאַנט דער גראָער גרייז!

36

בּיים קראַנקן קינד.

די לבנה שיינט.
מיין קראַנק יינגעלע/מיידעלע וויינט.
אַזאַ שטיק שוין אין דער נאַכט,
נאָך קיין אייגל צוגעמאַכט!

דער זייגער — עלף!
גאָטעניו, ליבּער, העלף!
גאָט, וואָס אַלע קראַנקע היילט,
צוועלף האָב איך שוין אָפּגעציילט!

איינס און צוויי...
אוי, ליבּער גאָט, שטיי מיר בּיי!
שלאָגט דער זייגער דריי און פיר, —
לאָז עס, ליבּער גאָט, בּיי מיר!

דער וויגער שלאָגט:
פינף... זעקס, און עס טאָגט,
שיינט די ליבּע זון אַריין!
מיין $\frac{\text{יינגעלע}}{\text{מיידעלע}}$ גענאָסן האָט!
אוי, איך דאַנק דיר ליבּער גאָט!

זיבּן, אַכט!
שוין פאַרבּיי די שרעקלעכע נאַכט...
שלאָפט מיין קינד. ניין און צען!
כ׳וועל נאָך אָן דיר נחת זען!

# צאָלן, אַלֶף־בּית, רעטענישן.

1

דער טאַטע — איינס!
די מאַמע — איינס!
איינס און איינס איז צוויי!
און אַז איך נאָך בּין דערבּיי, —
איינס און צוויי איז דריי!
די מומע גייט, איך עפן איר, —
דריי און איינס, — וועט זיין שוין פיר.

2

אַלף — בּית — גימל!
ס'איז'דאָ אַ גאָט אין הימל!
דַלֶת, הֵא און וָיו, —
מיר זענען זיינע שאָף!

שין, חית און טית
דערינען נישט פֿאַרגעס!
און דאָס צענטע אות איז יוד —
גאָט, דער פּאַסטעך, היט!

ג

טאַטע=מאַמע זענען אַ פּאָר.
פעטער=מומע — אויך אַ פּאָ.
איך און מיין שוועסטערל — אַ צווילינג.
עס טרעפט אַ מאָל אַ דרילינג,
דאָס איז ביי ליבל שוסטער געשען.
פריער זענען נאָר צוויי געווען,
איז צונדערט פינף צוזאַמען
ביי איין טאַטע=מאַמען!
שבת ביינאַכט,
דער טאַטע האָט אַן אורח געבראַכט
און איז אַמאָל מיט צוויי געקומען, —
בענטשט מען מזומן!
אין סוכה עסט מען אינאיינעם
מיט שכנים.
איינמאָל געזעסן גאַנצע צען, —
איז אַ מנין געווען!

4

איינס, צוויי, דריי, פיר, —
קליינע קינדער זענען מיר!
פינף, זעקס, זיבן, אַכט, —
אונז דער ליבער גאָט באַוואַכט.
ניין, צען, עלף, צוועלף, —
קומסט אַריין, זאָג: גאָט העלף!

5

10, 20, דרייסיק, —
ס'קינדעלע איז פלייסיק!
40, 50, זעכציק, —
ס'איז צום לערנען לעכציק!
70, 80, ניינציק, —
עס איז גאָר איין=און=איינציק!
און וואָס אַצינדערט?
עס ווייסט אַליין, אַז הונדערט!

וואָס איז אַזוינס, ווער טרעפט און זאָגט,
וואָס אויף זיך אַ ביימל טראָגט?
ס'איז אינגאַנצן רונד כמעט,
פון אויבן איז דאָס הייטל גלאַט,
די קאָליר איז געל און רויט,
און וויים דאָס פלייש אונטער דער הויט.
און אינם פלייש — גריבעלעך,
פינף קליינע שטיבעלעך.
און אין די פינף קעמערלעך
וואוינען פינף מענערלעך.
ווייסע מענער זענען זיי,
שוואַרצע קליידער טראָגן זיי!
יעדעס אין זיין שטיבעלע,
יעדעס אין זיין גריבעלע.
און אינגאַנצן זים און ווייניק,
און צום עסן גאָר אַ תענוג!
און ס'שטעכן עס די קינדער אָן
שמחת־תורה אויפן פאָן!
ווער עס טרעפט, דער באַקומט עס!

7

וואָס איז שווערער, —
אַ פונט וואַטע, אַ פונט פוטער, צי אַ פונט אײַזן?

8

לייט
מעסטן די צייט.
אויף וואָס?
— אויפן זייגער! גוט!
און וואָס די קלענסטע מאָס?
אַ סעקונדע.
מער? אַ מינוט!
נאָך מער — אַ שטונדע!

9

וויפיל טעג האָט אַ וואָך?
זיבן. זעקס און שבת קודש.
זאָג מיר נאָך:
וויפיל וואָכן האָט אַ חודש?
פיר! און אַ יאָר!
52! אויבעט וואַר!

10

אַ טאָג מיט אַ נאַכט אָדער אַ נאַכט צו=
זאַמען מיט אַ טאָג איז אַ מעת=לעת.
אַ מעת=לעת האָט פיר=און=צוואַנציק שטונדן.
די שטונדן פון טעג באַזונדער און נעכט
באַזונדער זענען נישט גלייך.
זומער — גרויסע טעג און קליינע נעכט.
ווינטער פאַרקערט — קליינע טעג און
גרויסע נעכט.
פאַרהאַן דעריבער אַ קורצער פרייטאָג.—

11

אַלע זייגערס ווייזן די שטונדן, גייענדיק.
וועלכע ווייזן שטייענדיק? (דער זון-זייגער).
זאָג מיר נאָך אַצינד
וועלכער זייגער רינט? (אַ זאַמד-זייגער).
פאַרהאַן זייגערס, וואָס קלינגען,
אַנדערע שפּילן, נאָך אַנדערע זינגען,
עלעקטרישע שפּרינגען!
פאַרהאַן אַ זייגער, וואָס צו דער סעקונדע,
קומט אַרויס אַ קוקו יעדע שטונדע
און מאַכט קו=קו, קו=קו! צוויי, דריי מאָל,
און נאָך—מיט קונצן אָן אַ צאָל!

# שפּילן.

1

## באַל-שפּיל.

צו דער וואַנט!
שפּרינג צוריק!
אין אויגנבליק
צו דער האַנט!

צו דער וואַנט!
צוריק צו מיר!
איינס און צוויי,
דריי און פיר!

פינף און זעקס,
שטאַרקער קלאַפּ!
איך וואַרף און כאַפּ
וואַרף און כאַפּ!

אהין — צוריק!
זיבן, אכט!
דאָס מייסטערשטיק
איז אָפּגעמאַכט!

ו

בעלעכל, בעלעכל! צו דער וואַנט,
איך — אַ פּעטשל מיט דער האַנט,
און געכאַפּט אין אויגנבליק!

צונד פּאַטש איך נאָך איינס און צוויי
און שפּרינג אונטער נאָך דערביי
און כאַפּ דיך, בעלעכל, צוריק!

ז

צונד מיט כּח
צום באַלקן הויך!
צוריק אַראָפּ
און שלאָג זיך אָפּ
קאַפּויר און שפּרינג
צום באַלקן פלינק!

און צו דער ערד
צוריקגעקערט!
אַרויף — אַראָפּ!
אַראָפּ — אַרויף!
כ'כאַפּ דיך אין
דער לופט אויף!

4

צו דער ערד! צו דער ערד!
צו דער האַנט צוריקגעקערט!
דו שפּרינג, איך שלאָג,
דו ווייטער יאָג!
דו קאַרג קיין מי
אַלץ ווייטער פלי!
אויף כּף=הקלי
פליט מיין באָל!

---

איך צו דיר,
דו צו מיר!
און צינד נאָך אַמאָל, ווי פֿריִ׳ר!
פֿון מיר אַ גרוס,
פֿון דיר אַ גרוס!
אַזוי פֿליט עס אָן אַ שיעור!

דיר געשענקט,
צו מיר געלענקט!
איינס און צוויי, דריי און פֿיר!
און נישט געטראַכט,
נאָר שנעל געמאַכט!
פֿינף, זעקס, זיבן, אַכט!

מיט פֿעסטן בליק —
אַהין=צוריק
דערגייט ביז צען —
אַ מייסטערשטיק!

———

6

מיט דער לינקער האַנט געקלאַפּט,
מיט דער רעכטער האַנט געכאַפּט!

מיט דער רעכטער וואַרפט זיך פֿלינקער,
מוז מען כאַפּן מיט דער לינקער!

צינדערט גייט שוין גאָר נישט שלעכט,—
רעכטס און לינקס גלייך באַרעכט!

און עס גייט אַלץ פֿלינקער, פֿלינקער!
מיט דער רעכטער, מיט דער לינקער!

7

אויף אַלע זייטן פֿון דער וועלט
דריי איך מיך מיט דיר אַרום,
און איך וואַרף דיך אין דער לופֿטן
און איך כאַפּ דיך אומעטום!

אויף אַלע זייטן וואַרף איך דיך!
מזרח, מערב, צפֿון, דרום!
וויל איך, גייסטו דורך אַן אָרים,
וויל איך, גייסטו דורך דער קני!

נאָר געפלויגן, נאָר געפלויגן,
יאָג איך דורכן עלנבויגן,
צי איך יאָג דיך דורך דער קני — —
פלי נאָר, פלי!

8

פלינקער! פלינקער! ריר זיך, ריר!
איך — צו דיר און דו — צו מיר!
צו דערוועלבער צייט געקלאַפט;
און דערזעלבער צייט געכאַפּט!
אַ פויגל פליט פון האַנט צו האַנט,
אַזוי שפּילן מיר בײנאַנד!
און דערשפּילן מיר ביז צען,
וועט אַ מייסטערשטיק געשען!

---

## סאָלדאַטן־שפּיל.

ביסט, מיין ברידערל, רעקרוט!
ווילסטו ווערן אַ סאָלדאַט?
האָסטו נאָך צו לערנען פיל!
צו אַלעם ערשטן: האַלט דיך גראַד!

ביסט מיין ברידערל רעקרוט
און דו פאָלג דיין אָפיציר
און געשווינד: די האַנט צום קאַסק,
אַז דו שטעלסט דיך אָפּ פאַר מיר!

צינדערט גיי! פעסט מאַרשיר!
ווייטער, ווייטער, ווייטער גיי!
גיי, כאָטש אין דער וואַנט אַריין,
ביז איך קאָמאַנדיר נישט: שטיי!

זיך אויסגעהוסט און אויסגעניסט
און ווייטער, ווייטער פּעסט מאַרשירט!
דעם רעכטן פֿוס, דעם לינקן פֿוס,
ביז עם ווערט נישט קאָמאַנדירט:

לויף=לויף! דאַן הייב די פֿים!
און לויף, און לויף פּעסט און גראַד!
און אַז דו גיין און לויפֿן קענסט,
ועסטו ווערן אַ סאָלדאַט!

2

## אינם פרישן, גרינעם מאַי...

אינם פרישן גרינעם מאַי,
איינס=צוויי! איינס=צוויי!
מיר מאַרשירן טריט ביי טריט!
די קעפּ אַרויף, די בליקן פעסט!
און די ברוסט אַרויסגעפּרעסט!
מיר פאָרכטן זיך פאַר קיינעם ניט!

דעם רעכטן פוס, דעם לינקן פוס,
ווער באַגעגנט, מײַדן מוז!
פעסטע ברייטע טריט געשטעלט!
און געטעטמט טיף און פריי
אינם פרישן גרינעם מאַי!
אונזער איז די פרייע וועלט!

———

3

## באַלאַגערונג.

מאַכט אַ ראָד, פלינק אַ ראָד:
מיר באַלאַגערן אַ שטאָט!
שוועבן, שוועבן! שוועבן, שוועבן!
די פעסטונג מוז זיך אונטערגעבן!

אָפּגעשטעלט זיך! העלד ביי העלד!
פיילנבויגן אויסגעשטעלט!
אַ צי, אַ לאָז — פליט די פייל,
טרעפט זי אויף אַ גאַנצע מייל!

צינד זאָל שאַלן די טראָמפּייט,
פון דער קעסל-פויק באַגלייט:
טראַ-ראַ-ראַ! בום-בום-בום!
פעסטער נעמט די שטאָט אַרום!

איינגעפאַלן איז די מויער,
איינגעריסן זיך אין טויער!
בום-בום! טאַראַ, טאַראַ!
הוראַ! הוראַ! הוראַ!

4

# פלעצער־כאַפּן.

(מען שטעלט שטולן, מיט איין שטול ווייניקער אלס קינדער).

שפּיל־פירער.

(פירט די קינדער ארום די שטולן).

רונד, רונד! רינגל־רונד!
עס בילט דער הונט,
עס מיאַוט די קאַץ, — —

(ראַש).

כאַפּט אַ פּלאַץ!

(קינדער צעלויפן זיך, כאַפּן ערטער).

די זיצנדיקע קינדער.

(אויפשטייענדיק, צום געבליבענעם אָן אַן אָרט).

ביסט געבליבן אָן אַ שטאָט,
פיר דאָס ראָד, פיר דאָס דאָד!

דער נייער פירער.

רונד, רונד, טריט בײַ טריט,
ס'גייען אַלע קינדער מיט,
שטיל, נישט אויסגערעדט קיין וואָרט!
הוש־הוש! כאַפּט אַן אָרט!

(ווי פריער).

קינדער רופן: מאַמע, עסן!
האָסט די קינדערלעך פאַרגעסן!
וואָס=ושע ווילט איר? — מאַמע, פיש!
הוש=הוש=הוש! שנעל צום טיש!

(ווי פריער).

קינדער ליבע, זעט נאָר, זעט!
ס'אָר אַ הויפן קויטיק גרעט!
אוי, דעם קעסל רייבט און קראַצט!
הוש=הוש=הוש! דער קעסל פלאַצט!

(ווי פריער).

קינדער, זאַכט! קינדער, זאַכט!
מיר שפּאַצירן ביי דער נאַכט!
האַלט אייך איינס אָן צווייטן אָן!
הוש! געקרייעט האָט דער האָן!

(ווי פריער).

---

5

## בעקן־ברויט.

שפּיל־פירער.

אין בעקן ברויט שפּילן מיר.
קינדער — פינף, ערטער — פיר.
הוש! הוש! פלאַץ געכאַפּט!

די קינדער אויף די ערטער, צום געבליבענעם:

האָסט קיין אָרט פאַר זיך דערטאַפּט,
ביסט געבליבן אין אַ נויט,
גיי אַרום נאָך בעקן־ברויט!

(צו די אַנדערע).

און ווען זי גייט, נישט גערוישט,
נאָר זיך שטילערהייט געטוישט!

— בעקן־ברויט, בעקן־ברויט!
העלף מיר, שכן, אין אַ נויט!

— מיך נאָר ווייַך, מיך נאָר ווייַך!
גיי צום צווייטן, ער איז רייַך!

— האָסט אַ פולע קאַמער ברויט!
העלף מיר, שכן, אין דער נויט!

— ווייטער, ווייטער, ווייטער וואָגל;
איך געליטן האָב פון האָגל!

טראָג דיך ווייטער, גיי צום דריטן,
וואָס האָט פון האָגל נישט געליטן!

— מ׳זאָגט, דיין גוטסקייט איז באַקאַנט,
העלף מיר מיט דייןברייטער האַנט!

-- מ׳האָט געגאַרט דיך, ווי איך זע!
ווייטער גיי! ווייטער גיי!
כ׳האָב געהאַט און האָב נישט מער,
דער פערטער טוט דיר דיין באַגער!
(אויב נייטיק — נאָך אמאָל דיזעלבע סטראָפן).

(ביי דער גאנצער צייט פון ארומגיין זינגען אלע, וואָס האָבן ערטער, דעם רעפרען):
טוישט אייך, טוישט, שטיל געטוישט,
נישט גערוישט!

## דער אַרומגייער.

(א פלאַץ באַפנדיק, צו דעם וואָס בלייבט אָן א שטעל).
נישט געהאָלפן אין אַ נויט,
גיי=זשע דו נאָך בעקן=ברויט!

9

# יעגער·און האָזן·שפּיל.

(פֿון פֿרס „ציוציו·באָבע״ אָדער „בלינדע·קו).

דאָס ראָד.

(פֿרום קינד, וואָס שטייט אינדערמיט מיט פֿאַרבונדענע אייגעלעך).

ניישט געשראָקט זיך, העזעלעך=קינדער!
זעט, דער יעגער איז אַ בלינדער!
שיין אַ יעגערל אַזאַ!
כאַ=כאַ=כאַ! כאַ=כאַ=כאַ!
מיט די הענטלעך טוט ער טאַפּן,
ניין, ער וועט קיין העזל כאַפּן!

דער יעגער.

כאַפּט עמיצן.

איך האָב עמיצן דערטאַפּט?

שפּיל=פֿירער.

אָבער וועמען אָנגעכאַפּט?
זאָג אונז שנעל, אויב דו ווייסט,
ווי ס׳געכאַפּטע העזל הייסט?

(צו דער יעגער טרעפֿט נישט).

ניין=ניין=ניין! צום ערשטן מאָל!

(אז דער יעגער פעלט ווידער).

ניין=ניין=ניין! צום צווייטן מאָל!

(אז מידער נישט געטראָפן).

צום לעצטן מאָל — צום דריטן מאָל!
נישט געטראָפן, נישט געטראָפן!
דריי מאָל פעלן איז צופיל,
אויפס ניי מוז גיין דאָס שפּיל!
און איר, העזלעך, זיך צעלאָפן.
זיך צעשפּרייט אויף באַרג און טאָל!
לויפט נאָר שנעלער, לייכטער, גרינגער,
אויף די שפּיצן פון די פינגער...

(צום יעגערל).

גולם, שטיי נישט אויף אַן אָרט!
אַ העזל דאָ, אַ העזל דאָרט!
לויף, טאַפּ,
יאָג און כאַפּ,
אפשר וועסטו טרעפן פּאָרט!

(עס ווידערהאַלט זיך ביז דער יעגער טרעפט).

יעגער.

איך האָב דערטאַפּט!

ש פ י ל = פ י ר ע ר.

אָבער וועמען אָנגעכאַפּט!

(יענער זאָגט).

ש פ י ל = פ י ר ע ר.

ר'האָט דערשפּירט מיטן נעול,
פון יעגער ווערט אַ העזל,
און פון העזעלע פאַרקערט...
און דאָס שפּיל — נישט אויפגעהערט!

———

7

## קראַנצן־פלעכטן.

— ווילט איר זינגען, ווילט איר טאַנצן,
אָדער ווילט איר פלעכטן קראַנצן?
— יאָ, מיר ווילן פלעכטן קראַנצן
פאַר טאַטע, מאַמע, שוועסטער, ברידער...
— אַלזאָ, שטילער, אָן געדרודער!
זעצט אײַך, קינדער, זעצט אַנידער!

נאַט אײַך בלומען גאַנצע בינטן:
רויזן, ליליען, היאַצינטן.
(ווייזט איינציקווייז. די קינדער רופן אָן).
רויזן, ליליען, היאַצינטן!
ווילט איר פיין די אַרבעט פירן,
מוזט אַלע דריי קאָלירן
עס זאָל פּאַסן — האַרמאָנירן!

———

# אַרבּעט.

1

## דער סקולפּטאָר.

איך זיץ נישט לײדיק אין דער הײם.
האָב איך צײט, נאָר, נעם איך לײם,
קלעפּ איך מיר אַ מײזל אױס,
מאַך אַ פײגעלע דערױס,
פון פײגעלע, נישט לאַנג געטראַכט,
װערט אַ ציגעלע געמאַכט,
כ'מאַך אַ מענטשעלע דערפון!
און װאָס איך װיל! און אױף דער זון
טריקן איך מײן אַרבּעט אױס:
מענטש און ציג, קאַץ און מױז,
װאָס איך זע נאָר אױף דער װעלט, —
און אין פענסטער אױסגעשטעלט.

---

ב

## דער סטאָלאר.

ציש, ציש, ציש —
דער סטאָלאר מאַכט אַ טיש!
ווי ער הובלט פיין און גלאַט,
און שוין פאַרטיק איז דער בלאַט!
ציר, ציר, ציר —
דער טאָקער אין דער צווייטער טיר!
און ער אויך נישט ליידיק זיצט,
מאַכט די פיס, ווי אויסגעשניצט!
ציר, ציר, ציר, ציש, ציש, ציש —
פון פיס און בלאַט ווערט אַ טיש!

ג

## די וועש.

ליאַליע, ליאַליע, נאָר נישט וויין,
כ'לאָז דיך אַ מינוט אַליין!
זע'מיר אויפגעשטאַנען שפעט,
און איך האָב צו וואַשן גרעט.
ווי לאַנג, אַז כ'האָב דיך אויסגעפוצט?
האָבטו אַלעם שוין פערשמוצט!

אי בײם טרינקען, אי בײם נאַשן,
מוז איך װאַשן, װאַשן, װאַשן!
האָסט עס אָנגעשמוצט אַ ביסל,
קױטיק גרעט אַ פֿולע שיסל:
אי טיכעלעך, אי זעקעלעך,
און העמדעלעך, און יאַקעלעך...
דאָס איז װײך און יענץ איז שטײף —
דאַרפֿן װעל איך מאַסן זײף!
כּ׳מוז די װעש נאָך מאַכן נאַסער,
כּל זמן ס׳איז נאָך הײס דאָס װאַסער,
גיסן װײסעכץ פֿון דער פֿלאַש...
און איך װאַש, און איך װאַש!
אױסגעזײפֿט און אָפּגעשװענקט
און אױף אַ שנירל אױפֿגעהאַנגען.
ס׳זאָל געשװינדער טרוקן װערן!
זאָלסט מיר, ליאַליע, נאָר נישט שטערן!
װיל נישט טרינקען, װיל נישט עסן,
אַ רגעלע אָן מיר פֿאַרגעסן, —
װיל איך פּרעסן, פּרעסן, פּרעסן!

---

## דער שמיד.

איך האָב צו טאָן אין שמידעריי,
און דו, בלאָז=זאַק, שטיי מיר בײַ!
צי זיך אויס און צי זיך אײַן,
אינם פייער פאָך אַריין
און צעפלאַקער מיר די קוילן,
ווייל די קוילן איז באַפוילן,
מיר דאָס אייזן צוצוגליִען,
כ'זאָל פון אייזן נעגל ציען...
אָט איז דאָס אייזן שוין היצט
און אין צוואַנג ביי מיר שוין זיצט,
און אויפן אַמבאָס ליגט עס שוין!
צינדערט העלף מיר, האַמער=קרוין!
פאַלן זאָלן זעק, ווי האָגל!
גיב אַ נאָגל, נאָך אַ נאָגל!
און וואָס פאַרטיק, איז נאָך שלאַף, —
אַריין אין קאַלטן וואַסער=שאַף!
ציש, ציש, ציש! צוויי, דריי מאָל,
און איז שטאַרק שוין, ווי א שטאָל!

5

## דער יעגער.

יאַנקעלע וויל אַ יעגער זיין,
יאַנקעלע וויל אין וואַלד אַריין
שיסן וויל ער נאָר אַ בער!
— וואו נעמט מען געווער?

אונזער יאַנקעלע דערזעט —
אין ווינקעלע אַ בעזים שטייט!
מיטן בעזים וועט ער יאָגן,
און אַ גרויסן בער דערשלאָגן!

ער קען אין שטוב שוין מער נישט בלייבן!
וויל דעם בעזים אונטערהייבן,
שווערער בעזים קערט זיך איבער
און דער יעגער פאַלט אַריבער!

נישט קיין בער און נישט קיין האָז,
און צעשלאָגן זיך די נאָז!
ער וויל שוין נישט אין וואַלד אַריין,
ער וויל שוין נישט קיין יעגער זיין!

## די סוכּה.

סוכּות איז אַ וועלט!
דאָס סוכּהלע צונויפגעשטעלט
ווערט ביי אונז אויף גיך, —
דער טאַטע און — איך!

קודם,
כאַפּט מען אַראָפּ די ברעטער פון בוידעם!
אַראָפּגעכאַפּט,
צונויפגעקלאַפּט!
און פאַרטיק די ווענט
(איך לעג צו הענט!)
הענגט מען אויף די טיר!
וואָס נאָך דאַרפן מיר?
סכך
צום גרינעם דאַך!
שפּאַנט מען שנעל דעם וואָגן איין
און מען פאָרט אין וואַלד אַריין!
אין געזעס אַריין די האַק!
דער טאַטע זעצט זיך אויבנאָן,
איך טרייב אָן;

עס דאָס בײַטשל און קנאַק.
— פלינק, פלינק,
פערדעלע, שפּרינג!
אַ מצוה=זאַך:
צום גרינעם דאַך
דאַרף מען סכך!
און אָט דער וואַלד!

מ׳נעמט זיך צו דער אַרבעט באַלד!
פייגעלעך אַנטלויפן פאַר שרעק!
פייגעלעך, פייגעלעך, פליט נישט אַוועק,
נישט אײַך, פייגעלעך, האָט מען געמיינט!
עס איז נאָר ערב=סוכות איז היינט,
טוען מיר אַ מצוה=זאַך,
נעמען בײַ די ביימער סכך!
אָפּגעהאַקט און אָפּגעשלאָגן,
שוין מיט סכך אַ פולער וואָגן
אין געזעס אַרײַן די האַק.
זיצט דער טאַטע אויבנאָן,
איך טרייב אָן,
פרייעלעך מיטן בײַטשל קנאַק!
פערדעלע, צי!
פערדעלע, שפּרינג! פערדעלע, פלי!

אַהיים געקומען צו דער צייט.
אין דער סוכּה — אַלץ שוין גרייט.
מיין שוועסטערלס געבענטשטע הענט
אויסגעהאָנגען אַלע ווענט
און די מאַמע דעקט דעם טיש,
און איך אויף דער לייטער פריש
לייג דעם סכך, פלעכט אים פיין.
שטערנדלעך זאָלן קוקן אַריין,
מיר זאָלן זען אין הימל די שטערן.
אָ, ליבער גאָט, פון יום־טוב וועגן,
לאָז קיין ווינט נישט און קיין רעגן,
אונז די שמחה צו צעשטערן!

— —

ז

## דער שיפער.

ס'האָט דער רעגן אויפגעהערט,
דער הימל איז שוין אויסגעקלערט,
נאָר די דעכער זענען נאַס,
רינען טייכעלעך אין גאַס,
רינען, רינען, רינען!

כ'האָב מיין שיפעלע געפונען,
אויפן וואַסער עס געלאָזט,
און עס קומט דער ווינט און בלאָזט,
יאָגט מיין שיפעלע געשווינד
אויף די פליגל פונם ווינט, —
פלי דיר, פלי, מיין שיפעלע!
און וואוהין פליסטו, שיפעלע?
— צו דער פרייער וועלט אַהין,
וואו ס'איז ליכטיק, וואו ס'איז גרין,
פויגל זינגט, בלימל בליט. —
— שיפל, שיפל, נעם מיך מיט!

8

## דאָס גערטל.

אָט דאָס איז מײן גערטל=קלײן,
אַרומגעזױמט מיט קיזל=שטײן,
מיט קיזל=שטײן אַרומגעזױמט
און מיט בלומען אױסגעזױמט.
ליבער גאָט, דו גיב אַ רעגן
פֿאַר די קלײנע בלימלעך װעגן!

---

9

אױ, איך װעל אַ פֿרײד דערלעבן!
מיר אין גאָרטן אָפּגעגעבן
אַ בײט אַ גאַנצע, שװאַרצע ערד, —
פֿײגעלעך, איר הערט?

געאַקערט דורך האָב איך די בײט
און מיט בלימלעך אױסגעזײט, —
אַ בלימל נאָך אַ בלימל שפּראָצט, —
פֿײגעלעך, איר גלאָצט?

בלעטלעך זויבער איך גענוי,
דער הימל — נישט געקאַרגט קיין טוי,
וואַקסן בלימעלעך, ווי גאָלד, —
איר האָט זיי האָלט?

שפּרינגט אייך, פייגעלעך, און היפּט,
נאָר קיין בלעטעלעך געציפּט!
קיין שאָדן נישט געמאַכט ביי מיר,
פייגעלעך, קיין ריר!

לאָזט זיי בליען, לאָזט זיי שמעקן
אַ'ניט, איר זעט, — כ'האָב אַ שטעקן
און צעיאָג אייך, אויב איר שטערט!
פייגעלעך, איר הערט?!

---

# ווינטער=אָוונטן.

הערט, דער ווינט אין דרויסן ברומט;
מיט לאַנגע נעכט דער ווינטער קומט!
וואָס וועט איר טאָן ווינטער=צייט,
ווען עס רעגנט און עס שנייט?
אָפּגעלערנט, אָפּגעשריבן, —
און עס איז אייך צייט געבליבן,
און עס רעגנט, און עס שנייט, —
וואָס וועט איר טאָן ווינטער=צייט?!
זאָגט אַ מיידל: ווינטער=נעכט, —
גאָרנישט שלעכט;
איך פאַרליר קיין אויגנבליק —
איך העפט און שטריק,
איך שטעפּ און ניי
און זינג, אַ לידעלע דערביי, —
און דער אָוונט איז פאַרביי!
ד'אַנדערע זאָגן: „גאַנץ געניי!
מיר אויך אַזוי, מיר אויך אַזוי!"
ווייל עס פּאַסט אַזוי פאַר מיידלעך!
און די יינגלעך? גיסן דריידלעך!

איינער קלעפּט פון ליים און וואַקס,
אָ צווייטער דרייט אַ שטריק פון פלאַקס,
אַ דריטער פלעכט, ביים שלעכטן וועטער
רינגעלעך פון לולב=בלעטער!
מען לעזט אַ מעשהלע דערביי,
און דער אָוונט איז פאַרביי!
און ס'איז רעכט!
ווינטער=נעכט — גאָר נישט שלעכט!
ווייל אין יאָר האָט יעדע צייט
איר באַשעפטיקונג און פרייד!

---

# לידער און לידלעך.

1

## דאָס הינטעלע.

דאָס קליינע הינטעלע איז דום,
דרייט זיך אַלץ אַרום און אַרום,
וויל זיין אייגענעם שוואַנץ כאַפּן
און ער קען אים נישט דערטאַפּן!

2

## די ווינט=מיל.

באַקומט די מיל אַ ביסל ווינט,
דרייען פליגל זיך געשווינד;
דער בייטל קלאַפּט, און געוואָרן
איז אין בייטל מעל פון קאָרן!
באַקט פון מעל דער בעקער ברויט,
און פאַריאָגט די הונגער=נויט!

3

## נאַכט.

זאַכט,
רוקט זיך אָן די נאַכט;
געשטילט
און אין שלייער איינגעהילט
איינזאַם ווערט
הימל און ערד!
עס שיינט,
ערגעץ אַ טויב קריאת־שמע ליינט.
און זי ברומט
אין דער שטילקייט און פאַרשטומט...
באַנג,
אָן אַ שימער, אָן אַ קלאַנג.

4

## די רייזע אַרום דער וועלט.

די זון—אַרויס פון נאַכט־געצעלט!
גרייט זיך צו צום ווייטן ריט
צום ווייטן ריט אַרום דער וועלט.
— זונעלע, זונעלע, נעם אונז מיט!
שטערנדלעך בעטן אין דער שטיל.

— נישט איך קען, נישט איך וויל —
ברומט די זון — און נישט איך מעג..
עס זענען הייסע, הייסע טעג!
אויפן וועג איך זיך צעהיץ
איך אויף אַ פייער=וואָגן זיץ!
איך וואָלט אייך, זיסע פייגעלעך,
אויסגעברענט די אייגעלעך!

האָבן זיך פייגעלעך=שטערנדלעך געווענדט
צו דער לבנה!
מיט דער לבנה איז קיין סכנה!
„מיר וואָלטן מיטרייזן געקענט!
שטיל און זאַכט
אין דער קילער נאַכט
וועט דיין גרויסע רייזע געמאַכט
אַרום דער וועלט!"

דער לבנה דאָס געפעלט!
זאָגט זי: גוט
און נעמט זיי מיט
און רייזט אַרום די גאַנצע וועלט!

---

5

## האַרבסט.

קאַלטע גראָע וואָלקן ציען,
און אַוועק פייגעלעך פליען
צום ווייטן לאַנד! אַהין, אַהין,
וואו ליכטיק, וואַרים איז און גרין...
שטיל וועט זיין אָן זאַנג און קלאַנג,
פליט אייך, פליט, נאָר נישט אויף לאַנג!

אָן אונז קינדער נישט פאַרגעסט!
און פאַרביי נאָר שניי און פרעסט,
אינם זעלבן אויגנבליק
קומט צוריק, קומט צוריק!

6

## ווינטער.

קלאַפּן, קלאַפּן, קלאַפּן,
פון די דעכער אָפּ די צאַפּן,
נאָר אין מויל אַריין נישט כאַפּן!
ווייל עס איז דאָס אייז נישט ריין,
נישט געכאַפּט אין מויל אַריין!

7

אויפן דאָרן צווייגעלע
וואָס שרייסט אַזוי, דו פייגעלע?
— כ׳בין הונגעריק, כ׳בין הונגעריק,
קיין קערנדל אויף פּיק=פּיק=פּיק!

שפּרינג אַראָפּ נאָר, שפּרינג אַראָפּ,
מיטן שנעבּל זוך און גראָב
דיר אַ קערנדל אין שניי,
וואָס ר׳אָט באַהאַלטן דיר געטריי!

8

ווינטערמאַן קלאַפּט אין טיר,
ווינטערמאַן פּויקט אין פענסטער:
פיר ברידער זענען מיר,
איך — דער שענסטער!

און ער זינגט זיין אייגן לויב;
ווינטער איבער אַלע צייטן!
ווער נאָך מאָלט אייך אוים אַ שויב
מיט די זילבערינע קווייטן?

ווער מאַכט ווײַס אַ שוואַרצן דאַך?
ווער מיט פֿון די ערד באַשיצט?
איז נישט שניי אַ פֿײַנע זאַך?
מיט בריליאַנטן ווער נאָך בליצט?

עס גיט אַמאָל דער ווינט אַ קוויטש,
און עס ווערט אַ נעזל רויט!
אָדער ווער נאָך האָט אַ גליטש? —
דאָס קען טרייסטן אין אַ נויט!

דו רײַב נאָר אויס די גליטש מיט שניי
און אַ גוטן שוסטער מאַך,
לערן דיך קונצן אַלערליי,
ווי אַ פֿויגל פֿלי און לאַך!

און איז אַ ייִנגל נאָר נישט פֿויל,
איז דער שניי אַ גרויסער גאָב!
מאַכט אַ מענטשל, מאַכט אַ קויל
מיט אַ שליטל באַרג אַראָפּ!

און אַ דאגה, גרויסער גאָט!
אַן אָפֿענע, אַ פֿרייע וועלט,
און אַ חנוכּה ווער האָט
מיטן קליינעם זילבער־געלט?

9

## פרילינג.

שפאַן, שפאַן!
טראָג זיך אָפּ, דו ווינטערמאַן!
טראָג זיך אָפּ, דו אכזר איינער,
נאָך דיר בענקען וועט נישט קיינער!

מיט דיין פראָסט
ווי געפּייניקט אונז דו האָסט!
האָסט די נאָז אונז אָפּגעפרוירן,
און די באַקן, און די אויערן!

צייט, צייט!
דער פרילינג קומט אין גרינעם קלייד!
הערסט, די פייגל: ציר=ציר=ציר!
דיך פאַרשיקט מען קיין סיביר!

---

10

דער פרילינג איז געקומען!
נעמט דעם פרילינג אויף,
מיט אַ ליד דעם ליבן גאַסט,
טיר און פענסטער מאַכט אים אויף!
קלינג=קלאַנג אין דער לופט,
און פון בלימעלעך דער דופט!

11

גראָון שפּראָצן, ס'שפּראָצן בלומען,
פייגל פּיפּצן, טויבן ברומען,
ס'קלינגט דאָס וואַסערל דערפרייט:
פרילינג=צייט! פרילינג=צייט!
עס קלינגט און זינגט, פלוישט און ברומט:
פרילינג קומט, פרילינג קומט!

פרילינג קומט אויף אַלע וועגן,
לויפט דעם ליבן גאַסט אַקעגן!
לויפט צום וואַלד, לויפט צום פעלד,
אומעטום אַ פרייע וועלט!
עס קלינגט און זינגט, פלוישט און ברומט:
פרילינג קומט, פרילינג קומט!

12

## דער פויגל.

אויף אַ בוים אין גרינעם וואַלד
אַ וואונדערלעכער פויגל שאַלט
טראַ-לאַ-לאַ, טראַ-לאַ-לאַ!

איז אַ ייִנגל צוגעלאָפן,
און דער פויגל איז אַנטלאָפן.
טראַ-לאַ-לאַ, טראַ-לאַ-לאַ!

— וואָס אַנטלויפסטו? — ס'ייִנגל שרייט, —
נישט געוואָלט דיר טאָן קיין לייד.
טראַ-לאַ-לאַ, טראַ-לאַ-לאַ!

כ'בעט דיך, פויגל, פויגל, בלייב! —
און דער פויגל: איך נישט גלייב!
טראַ-לאַ-לאַ, טראַ-לאַ-לאַ!

13

## ציקעלע.

מיין ציקעלע אין שטעלעכל
ציטערט מיטן פעלעכל.

באַלד פרי=מאָרגן אויפגעוועקט,
און ווי טרויעריק עס בלעקט
בלע... בלע...

מיין ציקעלע, מיין ציקעלע,
צוקער ווילסט אַ שטיקעלע?
פון דער האַנט עס צוקער לעקט
און נאָך טרויריקער געבלעקט
בלע... בלע...

ס'האָט מיין ציקעלע דערפילט,
דאָס די זון אין דרויסן שפּילט,
ס'האָט די זומער=לופט דערשמעקט
און דערום עס טרויעריק בלעקט
בלע... בלע...

אוי, גוט, אוי גוט! איך עפן דיר!
ציקעלע, אַרויס פון טיר,
ס'האָט דיין תפיסה זיך געעקט!
ווי מיין ציקל פריילעך בלעקט
בלע... בלע...

---

14

# רעגן.

קינדערלעך, אוי, קינדערלעך!
אַ רעגענדל גאָר וואונדערלעך,
שמעקעדיקע טרעפּעלעך!
אַ רעגענדל איז גאָטס גענאָד,
קומט אַרויס און טאַנצט אַ ראָד!
מיט בלויזע פיס און קעפּעלעך!

גאָרנישט קלערן, גאָרנישט פרעגן,
קינדער וואַקסן אויפן רעגן,
ווי די בלומען, ווי די זאַנגען!
נאַקעטע קעפּעלעך, נאַקעטע פיס,
וואַקסט פון יעדן קינד אַ ריז,
ביזן הימל צו דערלאַנגען!

15

# ענטלעך.

זעט נאָר, זעט, ענטלעך שווימען,
ענטלעך שווימען אויפן טייך,
מיט די קעפּעלעך אינם וואַסער,
מיט די עקלעך אינדערהויך!

אַז גענוג זיך אָפּגעבאָדן
און די קעפּלעך אָפּגעטוקט, —
צו דער פרישער גרינער לאָנקע
זיך פון טייך אַרויסגערוקט!

אויף דער פרישער גרינער לאָנקע
מאַכן ענטלעך אַ שפּאַציר,
זיך אַהער, אַהין געוואַקלט
אויפן ענטישן מאַניר!

אויף דער טריקעניש צו גיין
איז דאָס ענטל נישט געשיקט
הוש! אויף באַלד צוריק צום וואַסער,
זיך געבאָדן און געטיקט!

---

16

## די בין.

בינעלע! בינעלע, קוקט זיך נישט אום!
נאָר זום, זום, זום! זום, זום, זום!
פון קווייט צו קווייט געפלויגן ראַש,
דאָ אַ זופּ, דאָרט אַ נאַש!
ס׳קעפּל טיף אַריינגעשטעקט,
און נאָך אַ טראָפּן אויסגעלעקט...
און פול, — אַהיים געפלויגן ווערט,
און דעם אוצר אויסגעלערט.
דערפון דער האָניק ווערט געמאַכט
אויסגעלערט, נישט לאַנג געטראַכט —
און אַרויס: דער טאָג — נאָך גרויס!
און שטענדיק אַלץ: אַריין=אַרויס!

---

17

בינעלע, בינעלע — זום, זום, זום!
און פליט אַרום פון בלום צו בלום,
פון בלום צו בלום, פון קווייט צו קווייט
און זויגט זיך אוים די פליסיקייט.

בינעלע, האָפּ! בינעלע, האָפּ!
שנעל אינם בעכער אַריין מיטן קאָפּ!
דערנאָך אַהיים און האָניק מאַך, —
האָניק איז אַ גוטע זאַך!

18

בינעלע, בינעלע, האָניק מאַך!
נאָר דעם בינען=שטאָק באַוואַך!
פאַרהאַן אַ בער, פאַרהאַן אַ בער,
וואָס ער ליבט דעם האָניק זעהר!

ווען ער אַ בינען=שטאָק דערשמעקט —
אַ שפּרונג! די צונג — אַרויסגעשטעקט!
פלינק אַרוים! בינען, אַרוים!
דעם גזלן שטעכט די אויגן אוים!

19

די טויבן.

טייבעלעך פליען אין זונען=גלאַנץ...
פלעכט זיך, פלעכט, טויבנקראַנץ!
שוואַרץ און ווייס, אַראָפּ, אַרויף —
שפּילט אייך, טוקט אייך אָן אַ סוף!

20

## טויבן און טויבנשלאַק.

ווערט נאָר טאָג אין טויבן=הויז —
פליגל קלאַפּן: לאָזט אַרויס!
קוים זיך אויפגעכאַפּט פון דרימל,
שוין אַ בענקעניש צום הימל!
וואור, וואור, וואור, וואַר, וואַר, וואַר!
לענגער זיצן איז אַ צער!

אויפגעמאַכט דער טויבנשלאַק,
און אַרויס, סאַק און פּאַק!
וויגט זיך, וויגט אין זונען=גלאַנץ,
שטיפט און שפּילט דער טויבן=קראַנץ.
פרו=פרו=פרו! פרו=פרו=פרו!
פריי די וועלט, דער הימל בלאָ!

גענוג דאָס טויבן=האַרץ געקוויקט,
גענוג אין לופטן זיך געטיקט!
דען די זון שוין אונטערגייט
און קערנדלעך שוין אויפן ברעט!
ווייץ און וויקע, ווייץ און וויקע!
פּיקע=פּיקע! פּיקע=פּיקע=פּיקע!

און צינד אַריין, הוש=הוש=הוש!
שיקט דער זון דעם לעצטן קוש!
צום הימל נאָך אַ בליק געכאַפּט,
דער טויבענשלאַק ווערט צוגעקלאַפּט!
דורך דער צוגעמאַכטער טיר:
וואַר=וואַר=וואַר! וויר=וויר=וויר!

ווערט געפּלוישט, ווערט פאַרציילט,
וואו געוועזן, וואו געווײלט,
וואָס אין הימל, וואָס אויף דר׳ערד,
וואָס אַ טויב נאָר זעט און הערט!
ברום=ברום=ברום=ברום=ברום=ברום!
פאַרן שלאָפן אַ געברום!

---

# ל״ג בעומר.

ל״ג בעומר היינט! ל״ג בעומר היינט!
הינדעלעך, אַ=לאָ!
ביי די פערדלעך נישט געדרייט זיך!
און דו, שמייסער, וויאָ!

פול קינדערלעך און וועגעלע,
ווי דער מאָן אין זאַק!
שמייסער, דו, די לייצן נעם
און די בייטש, און קנאַק!

אין דער לופטן — יום=טובדיק,
קיין פערדעלע נישט ריר!
ל״ג בעומר היינט! ל״ג בעומר היינט!
מאַכ׳מיר אַ שפּאַציר.

אַ שפּאַציר אין וואַלד אַריין
מיט די פיילנבויגן!
האָבן פייגעלעך דערזען
און אַוועקגעפלויגן!

---

# לאַך-און שפּאָט-לידער.

## 22

### וואו דאָס מייזל וואוינט.

איך פרעג דאָס מייזל:
וואו איז דיין הייזל?
און דאָס מייזל ענטפערט מיר:
איך האָב נישט קיין סוד פאַר דיר!
נאָר דער קאַץ דו זאָג נישט אויס,
עס וואָלט דערפון קיין גוטס אַרויס,
דאָס ווערגעלע וויסט נאָר כיק!
כאָטש צום גליק
איך בין אַ מייזעלע אַ פלינקס!
זעסטו, דאָרט איןווינקל לינקס
אין דערנאָכטן רעכטס אַ ביסל,
וואו עס שטייט די גרויסע שיסל,
איין טריט גלייך, צוויי טריט קרום
און אין דער ברייט, און קוק זיך אום,

װעסט דו זען אַ טירל קליין,
דאָרטן איז דאָס הייזל מײַן!
עס ליגט אַ בערגעלע דערויף!
אַ טרעפּ אַראָפּ און דריי אַרויף,
און אויף לינקס נאָך אַ טרעפּל
און דו ביסט אַ גאַסט בײַ מיר.
נאָר געדענק, בייג אײַן דאָס קעפּל,
װײַל ס'איז נידעריק די טיר.

---

23

# דער פראָש.

קוואַקעמאַן — דיק און ברייט
מיט דער קײלעכדיקער נאָז,
געמיטלעך זיצט, אָוונט=צייט
אויפֿן פֿרישן, גרינעם גראָז!
זיצט זיך גלאַנציק ווי אַ ליאַק,
זינגט זיך: קוואַ, קוואַקאַ, קוואַק!

אַ גאַנצן טאָג זיך אָנגעמיט,
איז שוין צייט צום שלאָפֿן=גײן, —
זינגט ער זיך זיין קריאת=שמע ליד,
און עס מיינט, ס'איז וואונדער=שײן...
און ער בלאָזט זיך, ווי אַ זאַק:
קוואַ, קוואַ, קוואַ! קוואַקע—קוואַק!

ער מיינט, די זון, וואָס אונטערגײט
מיט גרויס געוויין זיין לידל הערט
און דאָס זי אים נאָך בעסער זעט,
צו=דער זון זיך אומגעקערט
מיטן גלאַנציק גרינעם פֿראַק —
קוואַ, קוואַ, קוואַק! קוואַקע=קוואַק!

24

# עטעלע.

זאָג מיר, עטעלע, מיין גאָלד,
וואָס האָסט דו פיינט, וואָס האָסט דו האָלט?
בלייבט זי שטיין, ווי צעמישט,
עטל שווייגט און ענטפערט נישט,
דאָך ווייסן אַלע, ווי מיר שיינט,
וואָס עטעלע האָט ליב און פיינט!

ליב האָט אונזער עטעלע
צו ליגן לאַנג אין בעטעלע,
פיינט האָט זי נאָר אויפצושטיין,
אויך ביינאַכט דאָס שלאָפן=גיין...

ליב האָט עטעלע צו נאַשן,
פיינט—דאָס פנימל צו וואַשן.
קנאַקן ניסלעך? גאָר נישט פויל;
פיינט צו שווענקען אוים דאָס מויל!

אויך ליבט זי וייער פוטער=זעמל
און קען נישט קוקן אָן דאָס קעמל.
לערנען—מאָרגן, נאָר נישט היינט!
דאָס איז אַלעס, ווי מיר שיינט!

## דער אינדיק און די הינער.

דעם עק אויף אַ פעכער צעשפּרייט,
אין גלאַנציק=ברוינעם פעדער=קלייד
מיט שוואַרצע ראַנדן און בענדער פאַרצירט,
די פליגל קורץ און רונדיק
אַן אינדיק
אינם הויף אַרומשפּאַצירט.
פון צייט צו צייט אַן אויסגעשריי:
הול=הול=הול — הולדעריי!

קומט ער פאַר אַן עולם הינער פאַרביי.
„קוואָקע, קוואָקע!" דער אינדיק ווייסט:
אַ „קוואָקע=קוואָק"—„גוט מאָרגן!" הייסט
אויף הינער=שפּראַך.
אָבער נישט זיין זאַך!
קיין מינע געענדערט
און ווייטער געשלענדערט;
פון צייט צו צייט אַן אויסגעשריי:
הולדעריי, הולדעריי!

נישט אָן קנאה הינער זאָגן:
אַן אמתער אַריסטאָקראַט;
אים אַ ליאַדרע=וואָס פֿאַרשאַדט,
איז ער שטענדיק חולה=מאָגן!
און אַ גריים, און אַ וואָג!
נישט קיין עוף אויף יעדן טאָג!
נישט קיין ליאַדרע=וואָס—אַ יאַיכיל!
דאָס איז אַ פּסחדיק מאכל!
און מען פּילט נאָך אָן דעם קראָפּ!
גייט מען טאַקע אַרום מיטן בלויזן קאָפּ
און מען הייבט אים וואָס העכער!
האָט מען אויפֿן עק אַ פֿעכער
און אָנגעבלאָזן דערבײַ!
און מען רעדט פֿראַנצויזיש,
אינדיאַניש צי כינעזיש:
הולדעריי, הולדעריי!

———

# קרייערמאַן און זיין ווייבער־שול.

(אַ וואָכעדיקער ניגון).

עס איז דער הויף מיט הינער פול,
עס דאַוונט פרום די ווייבער־שול;
פאַרן עמוד — קרייערמאַן.
(עס איז קיין אַנדערער פאַרהאַן:
ער לאָזט קיין צווייטן אויף דער שוועל!)
אַ וואָכן־טאָג גייט עס שנעל:
קוקעריקו, קוקעריקו!
ענטפערט שנעל דער ווייבער־שאָק:
קוואָקע־קוואָק! קוואָקע־קוואָק!

(אַ שבתדיקער).

שבת גאָר אַן אַנדער זאַך!
שירַיִם פעטע און אַ סך!
לאָקשן, פאַרפל און אַ יויך,
אַ מאָל אַ ביסל פלוימען אויך!
דער רויטער קאַם — נאָך מער צעבליט,
און ווי בנעימותדיק ער ציט:
קוקעריקו־ו־ו, קוקע־ריק־קו־ו־ו!

און אויך אזוי דער ווייבער שאַק:
קוואַקע-קוואַקע, קוואַקע-קוואַ-אַק!

(יום-טוב-ניגון).

קומט אַ יום-טוב, מן הסתם
בליט נאָך רויטער אויף דער קאַם.
און דאָס העלול אויסגעשטרעקט,
ווייל פון קיך דער צימעס שמעקט,
וועט זיין אַ יום-טובדיקער פּיק!
און געהויבן, יום-טובדיק:
קוקערי-קו-ו-ו-ו... קוקערי-קו-ו-ו-ו!
און אויך אזוי דער ווייבער-שאַק:
קוואַקע-קוואַקע-ע-ע, קוואַקע-קוואַק!

(ימים-נוראימדיק).

אלול-צייט, אַז ס'קומט פאַר דאָס,
און דער שופר גיט אַ בלאָז:
תקיעה, תרועה! אוי, אַ צרה!
מ'קען דאָך ווערן די כפרה!
מיט די ווייבער! לאָזט זיך הערן
אין דער שטימע שרעק און טרערן:
קו-קע-רי-קו, קו-קע-רי-קו!
אזוי אויך דער ווייבער-שאַק:
קוואַ-קוואַקע-קוואַ, קוואַ-קוואַקע-קוואַק!

27

## דאָס מייזל אין וואַסערמיל.

די מיל, זי רוישט,
דאָס וואַסער פּלוישט
און יאָגט און טרייבט,
ס'ראָד קיין רגע שטיל נישט בלייבט.
און דער בייטל קליפּ=קליפּ=קלאַפּ!
אַהין אַכאַפּ, אַהער אַ כאַפּ!
דאָס געביי: קראַך=קראַך=קראַך!
פונם פונדאַמענט צום דאַך!
און דער מילנער טרייבט די לייט
צו דער אַרבעט, ברומט און שרייט!
נאָך דאָ אַ הונט: האַו, האַו, האַו!
און אַ קאַץ: מיאַו, מיאַו, מיאַו!
זי שפּייט, דער הונט — אַ שפּרונג צוריק!
אַ חברה הינער: פּיק=פּיק=פּיק!
אַשאַ! אַשאָ! דער מילנער שרייט,
הינער=עולם! פליגל שפּרייט!
מען פליט אַרויס, צו צוויי, צו דריי!
אַן אינדיק שפּאַנט: הולדריי!
הולדריי! וויל געין אַ לעק,
דערזעט דעם הונט און אָפּ פאַר שרעק!

שוועלבעלעך — פּיק, פּיק, פּיק!
הוש=הוש=הוש! און אויך צוריק!
אין אַ לעכל, אין דער מיל,
אַ מייזל=קליין פּיפּצט זיך שטיל,
די וואַסער=מיל, זי מאַכט עס טויב,
און נעזל קראַצט פון מעל דער שטויב,
און קען פון לעכל נישט אַרויס
דאָס געפּילדער איז צו גרויס!
און דער עיקר — הונט און קאַץ!
דער — אַ בים און די — אַ קראַץ!
עס האָט דאָס מייזעלע קיין גליק!
גאָר „אַפּטשיג!‟ און „אַפּטשיג!‟

## קאַץ און מויז.

די קאַץ איז אין שטוב אַליין,
ליגט אויפֿן קוימען, לעקט זיך און וואַשט:
אַ ווייסע קאַץ קוים עפּעס גענאַשט —
לעקט זי זיך אָפּ און וואַשט זיך ריין...
אָפּגעלעקט און אויסגעצויגן,
מיט נחת פֿינקלען אירע אויגן;
מען וועט דערקענען? — וועט זי שווערן!
(וועט מען דאַרפֿן — פֿעלט קיין טרערן!)
„איך געקעכץ?!
כ׳זאָל אַזוי נישט וויסן פֿון קיין שלעכטס!
דאָס איז פֿאַר מיין שוואַך מעגעלע סם!
ס׳הינטל, מן המתּם!
טפֿו, טפֿו! — וועט טאָן אַ שפּיי,
און מיטן קעפּל: איי, איי, איי,
וואָס אַ בייז הינטל קען!
נישט צו באַשרייבן מיט קיין פֿען!"
אַזוי דאָס אַטלעס־ווייסע קעצל טראַכט.
פּלוצלינג — אין אויג אַ פֿינקל!
פֿון ערגעץ — אַהאַ, פֿון רעכטן ווינקל! —
האָט אַ מייזל שטיל אַ פּיפּס געמאַכט!

אַלזאָ, איז עס דאָרט?!
און אויפסניי זיך באַלעקט
און אַראָפּ פון הויכן אָרט
צום ווינקל=צו זיך אויסגעשטרעקט
אַ ביסל אויף דער זייט, אַ ביסל קאַפּויער,
און אויסגעשפּיצט דאָס אויער!
„פּיפּץ" — דאָס אויער האָט נישט גענאַרט,
ליגט די קאַץ שטיל, פאַרשטאַרט,
און וואַרט:
דאָ וועט עס זיין צווישן די שפּאַלטן!

ליגט, דעם אָטעם איינגעהאַלטן,
אַ מינוט, צוויי, אפשר נאָך, —
קיין צייכן מער פון מייזן=לאָך...
„דערפילט!"
מאַכט זי צערטלעך, האַרציק=שטיל:
„מייזעלע שפּאַצירן וויל?"
און עס שפּילט
איר אַ האַרפע אין דער קעל!
„מייזעלע וויל צוקער=מעל? —
אויף דער דיל איז אויסגעשיט!"
ס'מייזל=לעכל ענטפערט ניט!

גייט, ווי פון אַ טויבן=האַרץ אַ ברום:
מייזעלע, שפּאַצירן קום!
אַ זון — אַ מחיה!
— ווּעסט נישט פועלן, ווילדע חיה! —
פּיפּצט מען איר פון מיזן=לאָך:
ערשט געגאַשט, ווילסט דו נאָך?
און מען לאַכט: קראַץ=ווערגעלע
וויל כאַפּן אָן ביים גערגעלע? —
אַ פייג, אַ פייג!
אַלטע הונטע, פאַרשווייג!
און די קאַץ: „חס ושלום!
נישט קיין פּתרון, נישט קיין חלום!
כ׳עס קיין פלייש, גאָט ווייסט, ווי לאַנג!
ווייסט איר דען נישט, איך בין קראַנק!
איר ווייסט נישט? ניין?
קומט און זעט: הויט און ביין!
און אין האַרץ שטעכט אַזוי!
אוי=אוי=אוי! אוי=אוי=אוי!
איך אַליין שוין שטאַרבן וויל!”
אין מייזל=לעכל ווערט שוין שטיל...
הערט די קאַץ נישט אויף צו קלאָגן:
„זאָל עמיץ מיט מיר ווידוי זאָגן!
כ׳הויך דאָך די נשמה אויס!”...

פון לעכל קינער קומט אַרויס...
אַ מצוה וואָלט געווים געווען...
דאָך קינער וואַגט אַרויסצוגיין...
אַ רחמנות, דאָך אַ קאַץ!
אַ געפּגר איך, ווען זי עקט!
גוסעט, — און זי גיט אַ קראַץ,
שוין אַ מיזול — אויסגעשטרעקט!

די קאָמעדיע ווערט געשטייגערט:
— קומט, דערלעבט כאָטש אַ נקמה!
ס'איז אײַער קאַץ געפּגרט!
נישט איך רייד, נאָר מיין נשמה!
ברענג מיך כאָטש צו דער אַדמה!
כ'האָב געזינדיקט, איך ווייס אַליין,
נאָר וואַרפט מיך נישט אין מיסט אַריין!

דאָס מיין־האַרץ, עס האַלט נישט איין,
אַלע — אַרויס!
אַ לוויה מאַכן, אַ קבר גראָבן!
אַ מיזול וויל אַ מצוה האָבן!
און מען זעט דאָך: אויסגעשטרעקט!
ווירקלעך, ס'האָט די קאַץ געעקט!
פּאָרט אַ נפש, פּאָרט אַ שאָד!

מען כ'אַפּט אַרום דעם קאַק אַ ראָד,
מען מאַכט דאָס רעדל ענג און ענגער,
און מיט אַ זיפץ און מיט אַ טרער...
אונזער קײַצל וואַרט נישט לענגער,
אַ שפּרונג אַהין, אַ שפּרונג אַהער...
וואָס האָט איר, קינדערלעך, צו זאָרגן,—
אַוודאי מײַזלעך צײַן דערוואָרגן!

---

און איר, קינדערלעך, פאַרשרייבט
אין די העפטן אײַך דעם זאַץ:
קיין פרומער קאַץ
נישט געגלייבט!

---

29

# פיר צייטן אין יאָר.

## פרילינג, זומער, האַרבסט, ווינטער.

---

(פאָרשטעלונג):

כאָר:

פיר זין האָט אונזער ערד;
זיי גייען נישט צוזאַמען!
איינער נאָכן צווייטן קומט
און באַזוכט די מאַמען...

(עס באַווייזט זיך „פרילינג“ — מיט אַ גרינער צווייג אין האַנט; גרינער אָנצוג מיט בלומען אויסגעצירט, אַ קרענצל פון פרי־מאַווערס אויפן קאָפ):

זעט, זעט,
דער ערשטער ברודער, פרילינג, גייט!

פרילינג:

איך בין אַ לוסטיקע זאַך,
ווייל איך אַלעם לוסטיק מאַך —

די מוטער=ערד פרייד באַדאַרף!
כ'מאַך די וואַסערן שפּרינגענדיק,
כ'מאַך די פייגעלעך זינגענדיק,
און מיט בלומען אַלץ באַוואַרף;
דאָך, איך האָב שוין אָפּ מיין ליד,
ווייל איך הער מיין ברודערס טריט!

(אָפּ. עס באַווייזט זיך „זומער". — אויפן קאָפּ אַ רויזן-קראַנץ; דערזעלבער בלומען-אָנצוג, נאָר פיל בונטער, מיט גאָלדענע עפּל דאָ צווישן).

באָר:

זעט, זעט!
דער צווייטער ברודער — זומער גייט!

זומער:

איך בין אַ רייכער מאַן!
וויפיל גאָלד ביי מיר פאַרהאַן!
ביימער=שטאַמען — גאָלדענע שטאַנגען!
און אויף די פעלדער — גאָלדענע זאַנגען,
גאָלדיק איז דער וואָלקן=זוים,
גאָלדענע פרוכטן טראָגט דער בוים,
די זון מיט גאָלד פון הימל גיסט, —
איבעראַל גאָלד נאָר פליסט!

דאָך, איך האָב שוין אָפּ מײַן ליד,
ווײַל איך הער מײַן ברודער׳ס טריט!

(אָפּ, עס פאַווייזט זיך „האַרבסט“, אַ זאַמער, אַ בייכיקער, אַ קראַנץ פון געלע בלעטער מיט גאָלדענע ראַנדן אויפן קאָפּ; אין איין האַנט — אַ קירבעס, אין דער צווייטער — אַ בינטל טרויבן).

כאָר.

זעט, זעט
האַרבסט — דער דריטער ברודער גייט!

האַרבסט.

איך דאַרף קיין בלומען און קיין גאָלד,
עפּעס אַנדערש האָב איך האָלט!
בלומען, קווייטן, — צו וואָס? נאָך וואָס?
כ׳בין אַ סטאַטעק — אַ באַלבאָס!
איך מאַך בעסער!
אויבסן אַלערליי אין פעסער
קרויט און גורקן — אײַנגעזײַערט,
תבואות אַלערליי — געשייערט;
עופות אַלערליי, וואָס פעטער!
איך בין אַ גוט־פאַרזאָרגטער מאַן!
גאָלד אַ ביסל — אויך פאַרהאַן!
אויף די ראַנדן פון די בלעטער!

דאָך, איך ענדיק שוין מיין ליד,
ווייל איך הער מיין ברודער׳ס טריט!

(אָפּ. עס באַווייזט זיך ווינטער, אין אַ ווייס העמד, ווילד, די האָר צעשויבערט. געלע, בלאָע הענט און פיס).

כאָר.

זעט, זעט!
דער לעצטער גייט! ווינטער גייט!

ווינטער.

ווי איר זעט מיך, אין איין העמד,
און צעשויבערט, נישט פאַרקעמט,
קען איך אייך נאָר קראַפּט באַווייזן, —
וואו איר כאַפּט מיך אָן — אַן אייזן!
יעדעס גליד!
און דאָס אייזן ברענט און גליט!
און ליג דערביי
אויפן גרעסטן פראָסט אין שניי
אין העמד, מיט בלויזע הענט און פיס!
און ווערט מיר מיאוס,
און ווערט מיר קיל,
הייב איך אָן מיין ווינטער=שפיל!

צעלויף איך זיך און מאַך אַ ווינט,
לויף איך האַסטיקער, — אַ שטורים
און קער דעם שניי פון דאַך און טורים,
און הייב אַ שטויב און מאַך אייך בלינד,
מיט אַ ווייסן שטויב פון שניי!
און בלאָז דערביי
אויף אינסטרומענטן אַלערליי!
אַ באַנדע מוזיקאַנטן ציט!
און ווער איך מיר,
שטיל, מוזיק!
ב'לייג מיך אויפן שניי צוריק,
שטומען אַלע מוזיקאַנטן!
און בין אויך רייך! כ'האָב בריליאַנטן!
אָבער זאַמלען אין מיר פרעמד;
איך האָב קיין מאַשן נישט אין העמד!
דאָך איך ענדיק שוין מיין ליד!
אַ וואַרימקייט פון ערגעץ ציט!
איינגעהייצט! מענטשן פיל!
שוין, געענדיקט האָט מיין שפיל!

כאָר.

עס איז וואָר! עס איז וואָר!
זיך באַנייען וועט דאָס יאָר

# פארשיידנס.

50

## דער טענענבוים אָדער די שבועה׳

אָ טענענבוים, אָ טענענבוים!
ערלעך ביסטו און געטריי,
דען גרין ביסטו נישט נאָר אין מאַי, —
אויך ווינטער־צייט — אין פראָסט און שניי!

אַלץ האַלטסטו אויס, אָ טענענבוים!
דעם ווינטער לאָזט דער ווינט געריסן;
כ׳האָב אַלע ביימער־קעפּ געשמיסן
און אַלע בלעטער אָפּגעריסן!

ווינט! נאָר נישט דעם טענענבוים!
דער טענענבוים שטייט פעסט און גראַד,
אים האָט, איר ווינטן, נישט געשאַדט, —
ר׳האָט אַלע נאָדלען ווי געהאַט!

אָ טענענבוים, אָ טענענבוים,
כ׳ליב דיך, טענענבוים, און ווער!
צו זיין, ווי דו — איז מיין באַגער,
און וועל זיין, ווי דו, איך שווער!

כ׳וועל זיין, ווי דו, אָ טענענבוים!
די בעסטע צייט, די ערגסטע צייט, —
קיינמאָל איך די פּאַרב פאַרבייט,
און בין, ווי דו, אויף אַלעם גרייט!

## אַ גרוס פון טאַטן.

איך גיי אַרויס פֿאַר דער טיר,
פֿליט אַ פֿייגעלע אַראָפּ צו מיר,
אַ קליין פֿייגעלע פֿליט אַראָפּ
און עס שטעלט זיך פֿאַר מיר אָפּ!

ס'פֿייגעלע — מיר אומבאַקאַנט, —
אַ פֿייגעלע פֿון ווייטן לאַנד!
עס האָט פֿאַר מיר אַ קניקס געמאַכט,
פֿון טאַטעשי אַ גרוס געבראַכט!

דער טאַטעשי גריסט און קושט...
— אָ פֿייגעלע, צי ווייסטו נישט,
ווען זיין קינד ער צו זיך נעמט?
זאָג אים, דאָס מיין הערצל קלעמט...

פֿלי און זאָג אים, פֿייגעלע קליין,
אַז איך בענק נאָך אים אין איין,
אַז דער מאַמען איז אויך שלעכט
און זי וויינט אויך גאַנצע נעכט!

## דער יתומהס בריוועלע.

דער מאַמען שרייבט איר איינציק קינד.
כאַפּ עס אויף, דו ליבער ווינט!
און טראָג אַרויף אויף יענער וועלט
צו דער מאַמעשיס געצעלט...

נישט צו טרינקען, נישט צו עסן,
און זיי היסן דיך פאַרגעסן!
שלאָפן אויף אַ האַרשן קאַסטן...
איך קען שלאָפן, איך קען פאַסטן...

און די שווערסטע לאַסטן טראָגן,
לאָזן זיי נאָר מיך נישט שלאָגן,
מאַמע מוטער, מאַמע מוטער!
אוי, זיי שמייסן מיך מיט ריטער...

זיי ווילן מיך נאָר ווייגען הערן,
און איך, מאַמע, האָב קיין טרערן,
ליג איך, מאַמעשי, און ציטער
איז מיר ביטער, מאַמע מוטער!

---

